## Gerechtigkeit (Vol. 6, Iss. 28)

### Keywords
International Ladies' Garment Workers' Union, ILGWU, Gerechtigkeit, labor unions, clothing workers, textile workers, garment workers, garment industry, New York, United States, Yiddish, Jewish

### Comments
*Justice* was the official publication of the International Ladies' Garment Workers' Union ILGWU from 1919 to 1995. Editions of *Justice* were published in English, Italian, Spanish, and Yiddish. When compared side by side, the content of some of these different editions of *Justice* shows significant differences. *Gerechtigkeit* was the Yiddish-language edition of *Justice*.

GERECHTIGKEIT—(JUSTICE)

בצרכתי החזקתי
ולא ארפה.
(איוב, כ"ז, ו.)

אן מיין גערעכטיג־
קייט האלט איך זיך
שטאַרק, און וועל
איהר ניט פּאַלאָזען.

# גערעכטיגקייט

אַרבייטער פון אַלע
לענדער, פאַראיי־
ניגט אייך, און די
וועלט וועט זיין
אייערע!

אפיציעלער ארגאַן פון דער אינטערנעשאַנאַל לײדיס גאַרמענט װאָרקערס יוניאָן

Vol. VI. No. 28. | New York, Friday, July 11, 1924. | פרייטאָג, 11טען דזשולײ, 1924. | PRICE 3 CENTS

# רעאָרגאַניזייש[illegible]ענעראַל סטרייק אין קלאוק אינד[illegible] — דערקלערט

דזשאבערס נעהמען אָן אין די לעצטע מינוט די רעקאָמענדאציעס [illegible] גאָווערנאָר סמיטה'ס קאָמיסיע. — קלאוקמאכער פאַרלאָזען די שעפּער אויפ'ן רוף פון דער יוניאָן. — אַלע סטרייק קאָמיטעס זיינען אויפ'ן פּלאַץ און נעהמען זיך גלייך צו דער אַרבייט. — פּרעזידענט זיגמאַן, די מיטגלידער פון גענעראַל עקזעקוטיוו באָארד, ווערען וואַרים באַגריסט אויף יוניאָן סקווער פון די פאַרביימאַרשירענדע סטרייקער. — גרויסע מאַס־מיטינגען מיטוואָך בייטאָג אין אַלע סטרייק־האַלס.

דינסטאָג, דעם אַטען דזשולאי, 10 אוייגער אין דער פריה, ווי דאָס איז באַשטימט געוואָרען פון דער יוניאָן, האָבען די קלאוקמאכער געוואָרפען די אַרבייט, און זיינען, אין זייערע גרויסע מאַסען, אוועק אין די האַלס, ווי דאָס איז אָנגעצייגט געוואָרען פון דער יוניאָן.

דער סטרייק איז אָפיציעל דערקלערט געוואָרען דורך א ספּעציעלער סטרייק־אויסגאַבע פון דער „גערעכטיגקייט", וואָס איז געדרוקט געוואָרען מאָנטאָג ביינאכט און איז דינסטאָג פיר אוייגער פאַרטאָג צוגעשטעלט געוואָרען צו דער גענעראַל סטרייק קאָמיטע, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען פאַרזאַמעלט אין מאַנהעטען ליסעאום. די ריזיגע קאָמיטע האָט זיך איינגעטיילט אין באַזונדערע דיוויזיעס, און דינסטאָג גאַנץ פריה האָבען זיי זיך אוועקגעלאָזען איבער אַלע שאַפּ דיסטריקטען פון גרויס ניו יאָרק אויסצוטיילען די עקסטרא סטרייק אויסגאַבע צו די קלאוקמאכער, וועלכע זיינען דינסטאָג אין דער פריה געגאַנגען צו דער אַרבייט, זיי אָנזאָגענדיג, אַז 10 אוייגער אין דער פריה זאָלען זיי פאַרלאָזען די שעפּער און געהן אין די סטרייק האַלס, וואָס די יוניאָן האָט פאַר זיי צוגעגרייט.

דער ספּעציעלער סטרייק נומער פון דער „גערעכטיגקייט" האָט אין זיך פאַרקערפּערט אַלע דריי צייטונגען וואָס אונזער אינטערנעשאַנאַל גיט אַרויס, די „גערעכטיגקייט", „דזשאַסטיס" און „דזשוסטיציא" און דער סטרייק־רוף אויף דער ערשטער זייט איז ערשינען אין אידיש, ענגליש און איטאַליעניש, און די קלאוקמאכער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען האָבען געכאַפּט דעם ספּעשעל סטרייק־רוף און געלעזען אין דער שפּראַך וואָס זיי פאַרשטעהען אמבעסטען.

אלזאָ, די ריזיגע דזשענעראַל סטרייק קאָמיטע, וואָס באַשטעהט פון עטליכע הונדערט מאַן, האָט גענומען פונקציאָנירען מאָנטאָג ביינאכט און דינסטאָג גאַנץ פריה זיינען אַלע איהרע אָפּטיילונגען שוין געווען ביי דער אַרבייט. און אַלץ איז געטאָן געוואָרען איבערלייגט, ניט אין כאַפּעניש, מיט דער רעגעלמעסיגקייט פון א העכסט קאָמפּליצירטער מאַשין.

און אונזערע קלאוקמאכער האָבען געוויזען נאָך אַמאָל, אַז זיי פאַרדינען דעם גאַנצען לויב, וואָס זיי באַקומען אַלס גוטע יוניאָן לייט, אַלס דיסציפּלינירטע סאָלדאַטען פון דער אַרבייטער־אַרמיי. די גאַנצע גרויסע מאַסע קלאוקמאכער האָט, ווי איין מאַן, געוואָרפען די אַרבייט און פּינקטליך אויסגעפאָלגט דעם רוף פון דער יוניאָן! א פערטעל נאָך 10, דינסטאָג אין דער פריה, האָבען זיך שוין געצויגען איבער די אַלע שאַפּ דיסטריקטען פון גרויס ניו יאָרק, לאַנגע ליינס פון קלאוקמאכער, און די גאַנצע אינדוסטריע איז טאָמענטאַן פּאַראַליזירט געוואָרען. אַלע מאַשינען אין די קלאוק שעפּער זיינען שטעהן געבליבען; די רעדלאַך האָבען אויפגעהערט זיך דרעהען; די פּרעס אייזענס האָבען אויפגעהערט סלאַפּען, — אַלץ איז שטיל געוואָרען אויף דעם רוף פון דער יוניאָן!

און אין זייערע צעהנדליגער טויזענטער האָבען זיי אַרונטערמאַרשירט פון די שעפּער און זיך אוועקגעלאָזט צו די סטרייק־האַלס, און געהענדיג אין די סטרייק־האַלס האָבען זיי אויפ'ן וועג דעבאַטירט די פּונקטען פון די רעקאָמענדאַציעס פון גאָווערנאָר סמיטה'ס ספּעציעלער קאָמיסיע. זיי האָבען גערעדט צווישען זיך וואָס די יוניאָן דאַרף טאָן, אַז די פּונקטען זאָלען וואָס גיכער איינגעפיהרט ווערען אין לעבען. די געשפּרעכען וועגען דער אנגעלעגענהייט, וואָס דער שרייבער פון די שורות האָט אונטערגעהערט דינסטאָג אין דער פריה, זיינען געווען

(שלוס אויף זייט 2)

## אַ װאָרנונג צו די קלאוק סטרייקער!

אין די „ניו יאָרק טיימז" פון דינסטאָג איז געווען געדרוקט א מיס־סטייטמענט, אַז די דזשאבערס האָבען געקראָגען א קאָנצעסיע פון גאָווערנאָר סמיטה'ס קאָמיסיע, זיי זאָלען מעגען קויפען קלאוקס אויסער ניו יאָרק אין „אָפען מאַרקעט".

אין נאָמען פון פּרעזידענט זיגמאַן ערקלעהרען מיר, אַז די זאַך איז ניט אמת און די „טיימז" פון מיטוואָך רופט עס אַליין צוריק. אָבער דאָס קאָמוניסטיש בלעטעל, די „פרייהייט", וואָס בילט כסדר געגען אַלץ וואָס ווערט געטאָן פון אונזער אינטערנעשאַנאַל, האָט גלייך אויפגעכאַפּט דעם מיס־סטייטמענט פון די „טיימז", ניט אָנפרעגענדיג ביי קיינעם צי עס איז אַזוי און איז אַרויס מיט פאַלשע נייעס און מיט א שענדליכער אַטאַקע געגען דער פיהרערשאַפט פון אונזער יוניאָן, מיינענדיג מיט דעם אויפצורייצען די סטרייקער און מאַכען טומעל אין די רייהען פון דער יוניאָן.

אין נאָמען פון דער יוניאָן וואָרנען מיר די קלאוקמאכער ניט צו שענקען קיינע אויפמערקזאַמקייט, וואָס עס ווערט געזאָגט אין דעם קאָמוניסטיש בלעטעל אין באַצוג דעם איצטיגען סטרייק און סטאַפּעדזש. די „פרייהייט" זוכט צו שעדיגען די יוניאָן און שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין געמיינהייט!

די רעדנער, וואָס אַדרעסירען די סטרייקער, אין די האַלס וועלען אַלעס ערקלערען ווי עס איז אין דער ווירקליכקייט. זיי וועלען ערקלערען יעדען פּונקט פון דער קאָמיסיע'ס רעקאָמענדאַציעס. עס איז אַלעס קלאָר און אָפען און עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו באַהאַלטען פון די מיטגלידער, ווי די „פרייהייט" בלאַפט. זאָל קיין סטרייקער ניט נעמען אינפאָרמאַציע פון אויטסיידינגע קוועלען און באַזונדערס פון די קאָמוניסטישע אַגענטען, די פאַרשווארענע שונאים פון דער קלאוקמאכער יוניאָן!



## ניטאָ מעהר יצחק אייזיק הורוויטש

ווי א דונער פון לויטערען הימעל, האָט אונז געטראָפען די שרעקליכע נייעס, אַז אונזער אַלטער, טייערער פריינד, פּראָפעסאָר הורוויטש איז ניט מעהר צווישען די לעבעדיגע.

די נייעס איז אַזוי שרעקליך, אַזוי אומערוואַרטעט, אַז מיר קענען עס קוים גלויבען. אָט ערשט מיט א פּאָר וואָכען צוריק האָבען מיר זיך דאָך מיט איהם געזעהן, גערעדט א ביסעל אין ערנסט, א ביסעל אין שפּאַס, ווי געוועהנליך, און מיט א מאָל איז שוין ניטאָ די ראָזיגע גרויסע פּערזענליכקייט, וועמעס איינפלוס צום גוטען אויף דעם היגען אידישען לעבען איז געווען אַזוי גרויס, וועמעס ליבע צום פרייען וואָרט, צום פרייען געדאַנק איז געווען די העכסטע ליידענשאַפט פון זיין לעבען, און וועמעס געצענברעכערישע נאַטור האָט איהם באמת געמאַכט פילע שונאים צווישען אַלערליי פאַנאַטיקער, אָבער אין דערזעלבער צייט האָט פאַר איהם ערוואָרבען א אומגעהייערע מאַסע פון אמת'ע פריינד און פאַרערער.

64 יאָהר איז ער אַלט געווען, און זיין גאַנצער לעבען, פון זיין פריהעסטער יוגענד אָן איז געווען א לעבען פון שטענדיגען, אומערמידליכען קאַמף. מיט זיין [illegible] זיין

טימען קענען, וואָלט ער געקאָנט פאַרנעהמען דעם סאַמע אויבען אָן אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. ווען אָבער עס האָט זיך געהאַנדעלט אום זיינע פּרינציפּען, האָט ער אַלעס, אַלעס געאָפּפערט. געאָפּפערט די שטעלע פון א פּראָפעסאָר, געאָפּפערט די שטעלע פון א סטאַטיסטיקער, געלאָזען פאַלען צעהנדליגע אנדערע געלעגענהייטען, וואָס דאָס לעבען באָט אָן א מענשען מיט אַזעלכע פעהיגקייטען און מיט אַזאַ גרויסען וויסען, און אַלץ, אום צו קענען זאָגען פראַנק און פריי, וואָס זיין געוויסען און זיין פאַרשטאַנד האָבען איהם דיקטירט.

אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, וואָס ער האָט פאַרעפענטליכט אין דער „פרייע אַרבייטער שטימע", רופט ער זיך „סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע", און א סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע איז ער ווירקליך געווען. טריי און איבערגעגעבען האָט פּראָפעסאָר יצחק אייזיק הורוויטש געדינט דער באַפרייאונג פון דעם אַרבייטער קלאַס זיין גאַנצען לעבען, און אונטער

(שלוס אויף זייט 2).

## ערב סטרייק ביי די קלאוקמאכער אין באַלטימאָר

לעצטע וואָך איז געווען אין ניו יאָרק ברודער סאָל. פּאָליאַקאָוו, דער מענעדזשער פון דזשאָינט באָרד פון דער באַלטימאָרער קלאוקמאכער יוניאָן. ער איז געקומען זיך באַראַטען מיט פּרעזידענט זיגמאַן וועגען דער איצטיגער לאַגע אין באַלטימאָר.

דעם ערשטען דזשולאַי איז דאָרט אויסגעגאַנגען דער אגרימענט מיט די באַלעבאַטים. צו דער געלעגענהייט האָט די יוניאָן אויסגעאַרבייט געוויסע נייע פאָדערונגען, וועלכע זאָלען איינגעשלאָסען ווערען אין דעם נייעם אגרימענט, וואָס דאַרף דאָרט געמאַכט ווערען.

די באַלעבאַטים דאָרטען שווייגען דערווייל. מאַנכע פון זיי האָבען געמאַכט איינינע „רעאָרגאַניזיישאַנס" אין זייערע שעפּער און דאָס האָט אַרויסגערופען ניט ווייניג אומצופרידענהייט צווישען די אַרבייטער. דאָס האָט געמאַכט עס זאָל זיך נעהמען רודערען.

צו דעם האָט צוגעהאָלפען נאָך א פּאַסירונג. די פירמע „ק. מ. און וו.", פון באַלטימאָר, דער באַוואוסטער נאָן־יוניאָן שאַפּ פון יענער שטאָט, האָט ענט־

(שלוס אויף זייט 4)

# דער 4טער דזשולאי א יום טוב אין דער יוניטי הויז אין פארעסט פארק

(שלוס פון זייט 1.)

מען זאל צאהלען אפילו דריי מאל אזוי פיל ווי מען צאהלט אין דער יוניטי הויז, די מיטגלידער, וואס ווילען באמת הנאה האבען פון זייער וואקיישאן, דארפען ניט פאהרען אין קיין אנדער פלאץ. זיי וועלען אונז זיכער דאנקען פאר דער „אגיטאציע" וואס מיר פיהרען, צו ציהען זייער אויפמערקזאמקייט צו דער שעהנער, פרעכטיגער יוניטי הויז פון אונזערע ווייסט און דרעס מאכער אין פארעסט פארק, אויף די „בלויע" בערג פון פענסילוועניא.

די „ווילא אניטא גאריבאלדי".

לעצטען שבת ביינאכט האט זיך געעפענט די „ווילא אניטא גאריבאלדי", די יוניטי הויז פון דער איטאליע... ווייסט און דרעסמאכער יוניאן, לאקאל 89.

די „ווילא אניטא גאריבאלדי" געפינט זיך אין סטעטען איילאנד ביים ב. לעבען דעם „מידלענד ביטש". דער פלאץ איז ניט אזוי גרויס ווי די יוניטי הויז אין פארעסט פארק, אבער עס הערשט דארט דער זעלבער בדידעריי־כער גייסט.

די „ווילא אניטא גאריבאלדי" האט זיך געעפענט שבת ביי טאג מיט א שעהנעם באנקעט. עס איז אויך געווען מוזיק און טענץ אלא יוניטי. עס האט געשפילט א שעהנער „רזשעז בענד", און דער בענד האט געשפילט אזוינע זאכען, וואס האט שטארק אויפגענומען ביים עולם.

עס איז אויך געווען געזאנג. מיט באריעס, א ספאנישע סאפראנא האט געזונגען איינינע אריעס פון „לא באהעם" און נאך אנדערע בארוסטע אפעראס, וועלכע דער עולם האט אויפגענומען מיט פארגעניגען און ענטוזיאזם. זאל דא אויך דערמאנט ווערען דאס די זינגערין האט ניט גענומען באצאהלט; דאס איהר באלוינונג איז געווען בלויז דער גרויסער אפלאוז וואס זי האט באקומען פון דעם ענטוזיאסטישען עולם.

צו דער ערעפענונג זיינען געלאדענע געווארען די לאקאלס פון אונזער אינטערנעשאנאל, דער דזשאינט באארד און דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד פון אינזער אינטערנעשאנאל, און עס איז דארט געווען א היבשע פארטרעטער־שאפט פון די אלע דערמאנטע ארגאניזאציעס.

ווי דער שטיינער איז, זיינען דארט אויך געהאלטען געווארען רעדעס, אבער ניט קיין סך. עס איז געווען א הייסער טאג, און מען האט ניט געוואלט האלטען דעם עולם צו לאנג אין עס־זאל.

ברודער לואידזשי אנטאניני, דער סעקרעטער פון לאקאל 89 איז געווען דער טאסטמאסטער. נאכדעם ווי ער האט באגריסט די אלע געסט, וואס זיינען געקומען צו דער ערעפענונג, האט ער פארגעשטעלט ברודער פיינבערג, דער מענעדזשער פון דער דזשאינט באארד פון דער קלאוק און דרעס מאכער יוניאן אלס דעם ערשטען רעדנער.

ברודער פיינבערג האט באגריסט די ערעפענונג אין נאמען פון דזשאינט באארד; ער האט אנגעוויזען אויף דער איינינקייט און הארמאניע וואס עס הערשט אין אונזער יוניאן צווישען די אידישע און איטאליענישע ארבייטער. צום שלוס האט ער געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון די איטאליענישע מיטגלידער, אז ווען ניט די יוניאן וואלטען זיי ניט האבען אזא שעהנעם איינען פלאץ וואו צו פארברייגנען זייער וואַקיישאן און דאס זיי דארפען דעריבער האלטען טייער זייער ארגאניזאציע.

דער צווייטער רעדנער איז געווען דער באוואוסטער אראטאר, דער אינטערנעשאנאל ארגאנייזער, ארטורא דזשיאוואניטי. דער רעדנער האט שטארק געלויבט דאס וואס די אידישע ארבייטער פארהאלטען זיך אזוי גוט מיט די איטאליענישע. ער האט אויך אנגעוויזען, דאס די איטאליענישע ארבייטער האבען גאר פיל צו פארדאנקען די אידישע ארבייטער, פון וועלכע זיי האבען זיך געלערנט ווי צו ארגאניזירען, און ער האט דערביי אנגעוויזען, ווי גרויס די אידישע ארגאניזירטע ארבייטער זיינען שטענדיג געווען צו העלפען ארגאניזירען די איטאליענישע ארבייטער אין טרייד יוניאנס. דערביי האט ער אויך פארדאמט די פאשיסטי ציישונגען פון ניו יארק, וואס שרייבען אז די איטאליענישע יוניאנס ווערען באהערשט פון די אידישע ארבייטער, מיט פיל ענטרוסטונג האט ער אנגעוויזען ווי פאלש און געמיין עס איז, און די כונה פון די פאשיסטישע ציישונגען איז בלויז אריינצוברענגען קריג און חשד אין די רייהען פון דער ארבייטער באוועגונג.

ביידע רעדנער זיינען באגריסט געווארען מיט א סך אפלאדיסמענטען.

פרעזידענט זיגמאן און סעקרעטער בארא האבען ניט געקאנט אנוועזענד זיין ביי דער ערעפענונג און זיי האבען צוגעשיקט באגריסונג - טעלעגראמעס, וועלכע דער טאסט־מאסטער האט פארגעלעזען אויף דעם באנקעט.



## פראזענטירען דעם שאפ־טשערמאן.

די ארבייטער פון דער פירמע פיינעל־מאן, פון 252 וועסט 29טע סטריט, האבען פרעזענטירט זייער שאפ טשערמאן, ברודער סעם מוישעל, מיט א זילבער לאווינג קאפ, פאר זיין גוטער ארבייט פאר די ארבייטער פון דער פירמע.

ביי דער געלעגענהייט האט דער שאפ אויך אויסגעדריקט א דאנק צו ברודער פרידמאן, דער ביזנעס איידזשענט פון דער יוניאן אין יענעם דיסטריקט. דורך דער באמיהונג פון ברודער פרידמאן, צוזאמען מיט'ן שאפ טשערמאן, איז אויפגענומען געווארען די סומע פון 15 הונדערט דאלער פאר ווירדשעס, וואס די פירמע האט ניט געוואלט באצאהלען.

די קאמיטע: ס. ראזער, מ. זאלאוויטש, מאקס בערמאן, מ. פייערשטיין און ג. דייטש.

## אזוי האנדלען יוניאן לייט!

אין דעם קלאוק שאפ פון אראן גאלד־שטיין איז קראנק געווארען אן ארבייטער ברודער, דזשעק מאליק, און פאר דער גאנצער צייט וואס ער איז געלעגען קראנק האט איהם דער שאפ געשטיצט יעדע וואך מיט א סומע געלד. ער האט אבער ליידער ניט געקענט אריבערטראגען די שווערע קראנקהייט און ער איז געשטארבען.

דער גאנצער שאפ האט אפגעסטאפט פאר א האלבען טאג און מען איז געגאנגען איהם באגלייטען צו זיין אייביגער רוה. דער שאפ האט אויך באשלאסען און דורכגעפיהרט א מעקס, וואס האט גע־שאפען די סומע פון 150 דאלאר. די פירמע האט אויך בייגעשטייערט 25 דאלאר און מען האט די סומע איבערגעגעבען דער אלמנה מיט די קינדער.

די קאמיטע פון שאפ.

לעצטען סיגנאל, און דער סטרייק האָט זיך אָנגעהויבען.

דער סטרייק האָט געמוזט געררופען ווערען יערענפאלס. די אינדוסטריע האָט געמוזט אפגעשטאפט ווערען צו געבען דער יוניאָן א געלעגענהייט איינצוטיה־ען אין לעבען די אלע נייע פונקטען, וואס דער איצטיגער אגרימענט מיט די דזשאבערס, מיט דער פראָטעקטיוו, מיט דער אמעריקאן און אויך מיט די אינדע־פענדענט דזשאבערס און מאנופעקטשו־רערס וועט ענטהאלטען. דאס האט בשום אופן ניט געקאנט געמאן ווערען אין דער צייט ווען די ארבייטער זיינען געזעסען אין די שעפער. עס מוז איינגעשטעלט ווערען אין דער אינדוסטריע ארדנונג און דאס וועט איצטער געטאן ווערען.

מעהר איינצעלהייטען וועגען דעם, וואס די יוניאָן באצוועקט מיט דעם איצ־טיגען סטרייק וועלען די לעזער געפינען אויף זייט 4 אין דעם היינטיגען נומער „גערעכטיגקייט", אין אן אפיעל צו די קלאוקמאכער, פון פרעזידענט מאריס זיגמאן.

## די לעצטע זיצונג פון גאווער־נאָר סמיטה'ס קאָמיסיע.

די לעצטע זיצונג פון גאווערנאר סמיטה'ס ספעציעלער קאָמיסיע, מאנטאג געווענט, ווען דער פארשטעהער פון די דזשאבערס האָט ערקלערט, אז זיי נעמען אָן די רעקאָמענדאציעס אָהן ענדערונגען, אזוי ווי דאס האבען גענומען די אלע אנ־דערע פאראינטערעסירטע צדדים אין דעם סכסוך איז געווען זעהר אן אינטערעסאנ־טע. עס זיינען דארט געהאלטען געווא־רען רעדעס פון פרעזידענט זיגמאן און נאך אנדערע, וואס זיינען ווערט פארציי־כענט צו ווערען און מיר וועלען עס אי־בערגעבען אין נעקסטען נומער פון דער „גערעכטיגקייט".

די קאָמיסיע האט אויך פארעפענט־ליכט א סטייטמענט, אן אפיציעלען בריף וואס זי האָט געשיקט צום גאווערנאר סמיטה, איהם באקאנט מאכענדיג מיט דעם רעזולטאט פון דער קאָמיסיעס אר־בייט און אויך דאס מוזען מיר, צוליב מאנגעל אין פלאץ, איבערלאזען פאר דער קומענדער וואך.

## גרויסע מאַס מיטינגען אין אַלע סטרייק־האַלס.

אין דער צייט ווען די שורות ווערען געשריבען, מיטוואך ביי טאג, קומען פאר גרויסע מאָס מיטינגען אין אלע האלס וואו די קלאוקמאכער געפינען זיך. די מיטינגען ווערען אדרעסירט פון די פיה־רער פון אונזער יוניאָן און אויף די מי־טינגען וועלען זיי קלאר מאכען פאר דער מעמבערשיפ די ריכטיגע אישום פון דעם איצטיגען סטרייק און סטאפעדזש. זיי וועלען ערקלערען ווארום די גאנצע קלאוק אינדוסטריע האט געמוזט אפגעשטעלט ווערען און וואס עס דארף געטאן ווערען אין דעם איצטיגען מאמענט.

# באַסטאָנער קלאָוקמאַכער רופען בעלי בתים צו באַנייען דעם אגרימענט

נאָך אנדערע וויכטיגע נייעס פון די באסטאן לאָקאלס

וויים־פרעז. סאל. זיידמאן, דער אינ־טערנעישאנאל ארגאנייזער פון באסטאן און אומגעגענד, איז די טעג געווען אין ניו יארק און ער האט אונז איבערגעגע־בען איינינעס פון די לעצטע פאסירונגען דארטען, וואס זיינען ווערט פארצייכענט צו ווערען.

דעם 1טען דזשולאי איז דארט אויס־געגאנגען דער אגרימענט צווישען דער קלאוקמאכער יוניאן און די דזשאבערס און מאנופעקטשורערס. די יוניאן האט ארויסגעשיקט א בריף צו די באלעבא־טים, זיי אויפפארערענדיג זיך צונויפ־צוקומען און אנהויבען אונטערהאנדלונ־גען וועגען א נייעם אגרימענט. אבער ביידע צדדים איילען זיך ניט מיט דעם. — זיי ווילען אפווארטען און זעהן וואס וועט זיין דער אויסגאנג פון דעם איצ־טיגען סכסוך אין דער ניו־יארקער קלאוק אינדוסטריע. ניו יארק איז אלעמאל געווען די טאן־געבערין פאר די אנדערע שטעדט און אזוי וועט עס מסתמא אויך זיין ווייטער.

וואהלען פאר באאמטע.

די לעצטע צייט איז פארגעקומען אין באסטאן וואהלען פאר באאמטע, ברודער צאראקער, דער מענעדזשער פון דזשאינט באארד, און ברודער מאיר פרענק, דער ביזנעס איידזשענט, זיינען ווידער ער־וועהלט געווארען פאר נאך א טערמין.

א וויכטיגע נייעס איז אויך, דאס לאקאל 49, די ווייסט און דרעסמאכער יוניאן פון באסטאן איז שוין געווארען א טייל פון קלאוקמאכער דזשאינט באָ־ארד. ענדליך האט דער לאקאל זיך פוילשטענדיג אנגעשלאסען צום דזשאינט באארד. דער לאקאל האט אויפגעגעבען זיינע באזונדערע העדקוואטערס און האט זיך אריינגעצויגען אין דער קלאוקמאכער בילדינג, דער יוניאן צענטער פון באס־טאן.

רעדענדיג פון לאקאל 49 דארף גע־זאגט ווערען, דאס אויף איינעם פון זיי־נע לעצטע מיטינגען האט דער לאקאל אנגענומען א טרויער רעזאלוציע, נאך זיין פארשטארבענעם מענעדזשער, ברודער איזראעל לעווין. אויף דעם מי־טינג איז אויך באשלאסען געווארען, דער לאקאל זאל געבען פון זיין טרעזשורי הונדערט דאלאר צו דעם פאנד פאר לע־

זוין'ס פאמיליע, וואס ווערט געשאפען פון דעם פארשטארבענעמ'ס פריינד און ביי יארק.

וויים־פרעזידענט זיידמאן פיהרט אן אין באסטאן און אומגעגענד א מיכטיגע באוועגונג צו שטארקען די יוניאן און איך יועדט געטאן צו מאכען די באווע־גונג פאר אן ערפאלג. צוזאמען מיט די פארשטעהער פון דער יוניאן האט ער אויסגעארבייט א גאנצע רייהע פלע־נער. ווי אזוי די ארבייט זאל אנגעפ־טען געטאן ווערען און עס ווערט געארי־בייט גאנץ ענערגיש די פלענער צו פאר־ווירקליכען. מיין קען, אלזא, ערווארטען צו הערען פון דארט אין גיכען גוטע נייע עס אויס'ן ארגאניזאציאנס פעלד. די איצ־טיגע ענערגישע טעטיגקייט פארשפרעכט צו ברענגען גוטע רעזולטאטען פאר דער יוניאן און פאר די מיטגלידער.

## עס זיינען דאַ אַ סך האַטעלען אין די מאונטיינס.

מען דארף אבער וויסען, וועלכער פלאץ אין דער בעסטער פאר דעם פרייז וואס איהר ווילט צאהלען. קומט איהר אבער אין דעם וועסטטשעסטער האטעל, דאס ישעררייה ליוואן ספיישאן קריגט איהר דאס, צו וואס איהר האט געשטרעבט. די אנגענעהמסטע געזעלשאפט די געגענד'ן גו, איהר וועט שויז אליין זעהן און זיכער באוואונדערען. די עסענס זיינען אויסגעצייכענט. איהר מוזט זיך פיהלען היימיש און באקוועם אין דעם וועסטטשעסטער האטעל אונטער דער פערזענליכען פון דזש. קאהען.



## אינטערנעשאנאל קאַלענדאר

פון ה. סקולמאן.

### היינטיגע וואָך מיט 12 יאָהר צוריק

העררי כ. ראטסקין, סעקרעטאר פון לאק. 56, באסטאן, באריכטעט דאס די לעצטע צייט איז די יוניאן אין באסטאן כמעט איינגעשלא־פען, און די בעלי־בתים טוען וואס זיי ווילען. אבער א דאנק דער קאנווענשאן וואס איז לעצטענס אפגעהאלטען געווארען אין טאראנ־טא און איינינע וויים־פרעזידענטען זיינען געקומען אין באסטאן, איז א מאסמיטינג פאר־רופען געווארען און אלע אנוועזענדע האבען זיך פארפליכטעט צו טאן אלעס אין זייערע קרעפטען צוריק אויפצולעבען די ארגאניזא־ציע און זעהן קריגען בעסערקאנדיציעס.

* * *

לאקאל 17, ריפער מאכער יוניאן, ניו יארק, פיהרט איין א לאנג און רעליף־פאנד. און א רייהע געזעצען און רולס ווערען אנגע־נומען ווי אזוי דיזען פאנד צו פארוואלטען. די געלט פאר דעם דארף גענומען ווערען פון שט־אפען, העלפט פון די איינטריטסגעלט און פון אונטערנעמונגען.

* * *

ביי גיטעלסאן און שטיינהויז, 83 איסט טענט סטריט, ארבייטען די בעלי מלאכות אין „קאנטראקט־ישאפ", דאס הייסט, כלווי אין סלעק צייט. און אין אלגעמיין פיהרען זיי זיך אויף גאנץ אנשטענדיג, נאר איין צרה איז דארטען דא: זיי גנב'ענען איינע פון די אנדערע, שטעלט, באבענס און א־יסאונטען און איז אויך גוט... די „גייע פאסט" מוסר'ט זיי און הייסט אן די ארבייטער פון דיזען שאפ ווי ניט שטן אזא האנדלונג איז פאר יעדען לייט.

# רעארגאניזיישאן גענעראל סטרייק אין קלאוק אינדוסטריע — דערקלערט!

(שלוס פון זייט 1)

גאנץ אינטערעסאנט. עס האט געוויזען, אז די קלאוקמאכער זיינען נים באהאנט מיט דער לאגע, און דאס זיי האבען גאנץ גום געוואוסט צו וואס דער איצטיגער

סטרייק איז גערופען געווארען; וואס די יוניאן איז אויסען דורך דעם איצטיגען סטרייק אויסצופירען.

שוין איז דער מאסינער סטרייק־רוף פון דער יוניאן, וועלכען די קלאוקמאכער האבען פינקטליך אויסגעפאלגט, דינסטאג אין דער פריה, דעם 7טען דזשולי;

## אלע סטרייק־האלס אנגעפילט מיט סטרייקערס.

און ענטפער אויף דעם האבען זיי אריין געפונען, ווען זיי זיינען אנגעקומען אין די סטרייק הערס. אריינקומענדיג אין די האלס האבען זיי געזעהן, אז די סטרייקערס זיינען דא אויף זייער פאסטען! אז קיינער פון זיי פעהלט נים אין ריין, זיי האבען זיך ראכיארט דערי־קער.

וואוסט פון דעם „סקים", אז גאר פילע סטרייקער זיינען ארונטערגעפאהרען אין סטרייק, און די יעניגע וואס האבען פריהער געפרעגט „וואו עס איז די גרויסע מאסע סטרייקער?" איז איצטער לייכטער געווארען דאס הארץ, — זיי האבען געפונען די גרויסע מאסע סטרייקער אין די סטרייק־האלס!

פרעזידענט זיגמאן און א צאהל מיטגלידער פון גענעראל עקזעקוטיוו באארד פון אונזער אינטערנעשאנאל, זיינען געשטאנען אויף יוניאן סקווער, אין דעם מאסע סענטער, וואו די סטרייקער האבען פארביינעמארשירט און זיי האבען געענטפערט אויף די פריינדליכע באגריסונגען פון די פארביינעהענדע סטרייקער.

# קלאוקמאכער, אויף צום גענ. סטרייק!

## צו אלע קלאוק, סקירט, סוט און ריפערמאכער, קאטערס, אפעריייטארס, פינישערס, פרעסערס, סעמפעלמאכער, דרעיפערס, באטאנהאלמאכער, עקזאמינערס און בושלערס.

היינט, דינסטאג, דעם 8טען דזשולי, 1924, פינקט 10 אייגער אין דער פריה, ווערט איהר אייפגעפאדערט אייעקצילייגען אייערע ארבייטס־געציייג, און אין ארדנונג, ווי עס פאסט פאר גוטע יוניאן־לייט, פארלאזען די שעפער און מארשירען אין די סטרייק־האלס. זאלען די ארבייטער פון יעדען שאפ מארשירען אין דעם האל, וואס איז פאר זיי באשטימט געווארען.

קלאוקמאכער, היינטיגער טאג וועט אנשרייבען א נייעם, שיינעם בלאט אין דער געשיכטע פון אונזער גרויסער און מעכטיגער יוניאן. דער היינטיגער גענעראל סטרייק ווערט גערופען צו שאפען ארדנונג אויף דעם פלאץ פון דעם כאאס, וואס עקזיסטירט אין אונזער אינדוסטריע; צו פארטרייבען פון טרייד די פארשידענע עקספלואטאטארס, וואס האבען רואינירט די אינדוסטריע; ארויפצולייגען אויף די דזשאבערס, די אמת'ע באלעבאטים פון אונזער אינדוסטריע, די פולע פאראנטווארטליכקייט פאר די ארבייטס־באדינגונגען און סטאנדארדס אין דער אינדוסטריע און צו רעארגאניזירען דעם קלאוק־טרייד אויף א געזונטען באזיס.

קלאוקמאכער פון ניו יארק! די אויגען פון דער גאנצער ארבייטער־באוועגונג זיינען געווענדעט צו אייך! איהר זייט די איינציגע קאנסטרוקטיווע מאכט אין דער קלאוק־אינדוסטריע, וואס וועט איהר ראטעווען פון דעם איצטיגען כאאס. איהר האט שוין גענוג געליטען פון דעם איצטיגען כאאס אין דעם טרייד, און איהר האט אליין, דורך א רעפערענדום וואוט, באשלאסען צו געהן אין קאמף איינצופיהרען אין טרייד די געוויגשטע ארדנונג; אייער קאמף איז א גערעכטער און איהר זאלט זיך נים צוריקקעהרען אין די שעפער, ביז ארדנונג וועט איינגעשטעלט ווערען אין דער קלאוק־אינדוסטריע.

לאנג זאל לעבען אונזער מעכטיגע קלאוקמאכער יוניאן!

לאנג זאל לעבען אונזער אינטערנעשאנאל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן!

אין נאמען פון דער דזשענעראל סטרייק־קאמיטע,

**דזשוינט באארד קלאוק, סקירט און ריפערמאכערס יוניאנס פון ניו יארק**

**מאריס זיגמאן, משערמאן.**

**איזראעל פיינבערג, וויים־משערמאן.**

# דזשאבערס נעהמען אן די רעקאמענדאציעס פון גאווערנאר'ס קאמיטע

די דזשאבערס אסאסיאיישאן האט זיך ענדליך אונטערגעגעבען און האט איינגעוויליגט אנצונעהמען די רעקאמענדיישאנס וואס דעם גאווערנאר'ס קאמיסיע האט פארגעשלאגען אין איהר רעפארט, ווי אזוי אויפצושטעלען דעם קלאוק־טרייד אויף א געזונטען באדען און אפשאפען געוויסע איבעלען פון וועלכע די ארבייטער האבען שטארק געליטען.

פאראכטמאגן דאנערשטאג, ווען דעם גאווערנאר'ס קאמיסיע האט ארויסגעגעבען איהרע רעקאמענדאציעס, האבען די פארשטעהער פון דער דזשאבערס אסס'ן ערקלערט, אז זיי „קאנען דאס נים אננעהמען". און נאר צו סוף האבען זיי געזאגט, מען זאל זיי געבען צייט ביז מאנטאג ביינאכט, נאכאמאל די זאך צו באטראכטען און די קאמיסיע האט זיי דאס באוויליגט.

די דזשאבערס האבען פאראלאנגט, אז עס זאלען אויסגעביטען ווערען איינינע פונקטען אין דער רעקאמענדאציע פון דער קאמיסיע, אבער די יוניאן האט צו דעם נים געוואלט צושטימען. לעצטען פרייטאג האט פרעזידענט זיגמאן געהאט וועגען דעם א סטייטמענט אין דער פרעסע, אין וועלכען עס ווערט צווישען אנדערע געזאגט:

„אין די פילע קאנפערענצען וואס די יוניאן האט געהאט מיט די דזשאבערס, האט זיך פילע מאל געזאגט, אז מען האט שוין דערגרייכט א פארשטענדיגונג מיט זיי, אבער יעדעס מאל וואס מען פלעגט אנהויבען אויסארבייטען די פונקטען אין אן אגרימענט, פלעגען זיי צוריקציהען אלע נאכגעגעבענע פונקטען.

„פארערנדיג פאר זיך דאס רעכט צו קויפען אין „אפען מארקעט" אין דער וועלכער צייט וואס זיי זיינען צופרידען צו שרייבען אן אגרימענט מיט דער יוניאן, ווייזט די אסאסיאיישאן צוריק דעם עיקר פון דעם אגרימענט און צייגט, אז מען קען איהר נים טרויען.

„די דזשאבערס ווילען נים רעדושיס־טרירען די סאב־מאנופעקטשורערס וואס ארבייטען פאר יעדען דזשאבער באזונדער. אין אנדערע ווערטער הייסט עס, אז זייער ענטזאגען זיך נאכצוגעבען די פאדערונג פון דער יוניאן פאר סיסטעם און ארדנונג אין דער אינדוסטריע, ווייל זיי ווילען בעסער אנהאלטען דעם תוהו ובוהו און די אומפאראנטווארטליכקייט פון דער פארגאנגענהייט.

„זיי זיינען אויך נעגען א סאניטארי לייבעל; זיי ווילען נים, הייסט עס, אז מען זאל וויסען וועלכער גארמענט עס איז געמאכט געווארען אין א יוניאן שאפ און וועלכער נים."

אזוי האט עס געהאלטען לעצטען דאנערשטאג, נאכ'ן מיטינג פון דער קאמיסיע.

נאך דער שטעלונג וואס די דזשאבערס האבען גענומען לעצטען דאנערשטאג האט עס אויסגעזעהן אז די יוניאן וועט מוזען ווידער פיהרען א ביטערען קאמף איינצושטעלען אין דער קלאוק־אינדוסטריע די נויטיגע ארדנונג, און נאך מיט מעהר ענערגיע ווי פריהער האט מען זיך גענומען פארפערטיגען די סטרייק־מאשינעריע פאר דעם קאמף.

דאנערשטאג ביי נאכט האט די עקזעקוטיווע פון דער גענעראל סטרייק קאמיטע געהאלטען א מיטינג אין אפיס פון דער אינטערנעשאנאל. דער מיטינג איז געווען א מוסטער פון ארבייטער־ענערגיע און דיסציפלין. די טשערלייט פון די פארשיידענע סטרייק קאמיטעס האבען אפגעגעבען בעריכטען פון וועלכע עס איז געווען צו זעהן, אז די גרויסע פארצווייגטע סטרייק מאשינעריע איז שוין רעמאלט אבסאלוט פארטיג געווען פאר'ן קומענדען קאמף. ס'איז נויטיג געווען נאר איין ווארט, איין רוף פון דער יוניאן, און דער קרינגס־אפאראט וועט אנהויבען ארבייטען.

די האל קאמיטע, די ארגאניזיישאן קאמיטע, די ספיקערס קאמיטע, די פיקעט קאמיטע, די סעטעלמענט קאמיטע, די פינאנץ קאמיטע, די לאא קאמיטע, די אויטאמאביל קאמיטע, זיינען געווען פארטראטען דורך זייערע טשערלייט.

מאריס זיגמאן, דער פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל, האט איבערגעגעבען אין עטליכע ווערטער די לאגע וואס איז געשאפען געווארען זינט דעם לעצטען מיטינג מיט די דזשאבערס.

פרעזידענט זיגמאן האט צום שלוס באדאנקט די טשערלייט פון די קאמיטעס פאר זייערע אויסגעצייכענטע בעריכטען. ער האט זיי אויך געבעטען וואוארענען די ארבייטער געגען אלע הפקר יונגען וועלכע זוכען צו פארפיהרען די ארבייטער און שטערען די איינינקייט פון סטרייקער אין צייט פון סטרייק. די פראפעסיאנעלע שונאים פון דער יוניאן, האט זיגמאן געזאגט, זוכען צו צוטומלען די ארבייטער. איצטער, ווען די אינטערנעשאנאל יוניאן, און דער קרינגס אפאראט זאל זוכט איינצושטעלען ארדנונג אין דער אינדוסטריע און נעמט אויף א קאמף מיט די באסעס, וועלכע שטעלען זיך געגען בעסערע יוניאן קאנדישאנס, זוכען די שונאים פון דער יוניאן אפצואשוואכען די קאמפפלוסטינקייט פון די ארבייטער דורך אינסינואציעס, ליגענס און אנפאלען אויף די יוניאן פארשטעהער. עס פארשטעהט זיך, אז זייערע אנפאלען זיינען אומזיסטע; די ארבייטער אבער דארפען זיך היטען נים אריינצולאזען די הפקר יונגען אין זייערע רייהען.

א קורצע רעדע אויף דעם מיטינג איז אויך געהאלטען געווארען פון וויים־פרעזידענט י. פיינבערג, דער וויים־משערמאן פון דער גענעראל סטרייק קאמיטע.

די שטימונג ביים מיטינג איז געווען א סטרייק שטימונג. די פארזאמעלטע האבען אלע אויסגעדריקט זייער איבערציינונג אז דער זיג פון דער יוניאן וועט זיין א פאלשטענדיגער און ענטשיידענער.

## די דזשאבערס בייטען זייער שטעלונג אין דער לעצטער מינוט.

מאנטאג אוונט, דעם 7טען דזשולאי, איז ווידער פארגעקומען א זיצונג פון גאווערנאר סמיטה'ס ספעציעלער קאמיסיע. עס זיינען זיך ווידער צונויפגעקומען אלע צדדים, און אלע זיינען געווען שטארק פאראינטערעסירט צו וויסען, מיט וואס פאר אן ענטפער די דזשאבערס זיינען געקומען. עס זיינען אנוועזענד געווען אלע מיטגלידער פון דער קאמיסיע און די פארטרעטער פון אלע קערפערשאפטען אין דער קלאוק אינדוסטריע.

דעם אמת זאגענדיג, האבען אלע אנוועזענדע ערווארטעט, אז די דזשאבערס וועלען בלייבען ביי זייער פריהערדיגער שטעלונג, און דאס די יוניאן וועט האבען צו פיהרען מיט זיי א שווערען קאמף זיי צו מאכען אננעהמען דעם נייעם אגרימענט. און די יוניאן איז פאר דעם קאמף שוין געווען פולשטענדיג צוגעגרייט. אבער צו אלעמענס איבערראשונג האט מר. בלומבערג, דער לאיער פון דער דזשאבערס אסס'ן ערקלערט, אז נאכדעם ווי די עקזעקוטיווע און די מעמבערשיפ פון דער דזשאבערס אסס'ן האבען נאך אמאל באטראכט די אנגעלעגענהייט, האבען זיי באשלאסען, אנצונעהמען די רעקאמענדאציעס פון דער קאמיסיע.

ווען דאס האט פאסירט, האט די יוניאן שוין געהאט אלע צוגעגרייטונגען צו רופען דעם גענעראל־סטרייק. עס איז שוין אפילו געווען אפגעדרוקט דער סטרייק־רוף, — אלע איז געווען פארטיג און פאר־טיג. מען האט בלויז געדארפט געבען דעם

## די סטרייקערס פאהרען אין טעקסים און אויף די סטרים קארס.

דינסטאג אין דער פריה, ווען דער סטרייק האט זיך אנגעהויבען, איז געווען זעהר היים. עס איז געווען א שרעקליכע היץ און עס איז שווער געווען צו געהן איבער די אנגעהייצטע גאסען פון ניו יארק. די וואס זיינען דאך געגאנגען האבען איינמאל זיך געבאדען אין שווייס.

זיינען די סטרייקער געפאלען אויף א פלאן: מען האט זיך אריינגעזעצט צו פינף און צו זעקס אין א טעקסי און מען איז געפאהרען צו די סטרייק האלס. און גאנצע ליינס מיט טעקסים האבען זיך געצויגען צו די פארשיידענע סטרייק־האלס, אנגעפילט מיט סטרייקער.

און נאך א גרעסערע צאהל מענשען זיינען געפאהרען אויף די סטרים קארס וואס געהען דאון־טאון. די סטרייקערס האבען אנגעפאקט די סטרים קארס פון

4טע און מעדיסאן עוועניוס, די לעקסינגטאן עוועניו קאר און די בראדוויי קארס. אין מיטען טאג זיינען די קארס אנגעפאקט געווארען ווי אין די „ראש"־שטונדען. פון אנפאנג האבען די קאנדוקטארס, און דער עולם בכלל, זיך געוואונדערט, וואס עס איז אין מיטען רעדינען געווארען אזא „ביזי" אויף די קארס, באלד אבער האבען זיי אויסגעפונען, אז די קלאוקמאכער זיינען ארונטער אין א גענעראל סטרייק און די זאך איז קלאר געווארען. אבער דאס וואס די סטרייקער האבען זיך אוועקגעלאזען צו די האלס אין טעקסים און אויף די סטרים קארס האט אביסעל אפגעשוואכט די מאנסטער־דעמאנסטראציע, וואס קומט געוויינליך פאר ביי אזא געלעגענהייט. די וואס האבען נים געוואוסט פון דעם, אז א סך קלאוקמאכער זיינען דאס מאל, צוליב דער גרויסער היץ, „ארונטערגעפאהרען" צום סטרייק, אנשטאט ארונטערגעגאנגען, האבען זיך געוואונדערט און געפרעגט: „וואו איז די גרויסע מאסע קלאוק־מאכער?"

## נישטא מעהר יצחק אייזיק הורוויטש

(שלוס פון זייט 1.)

אומשטענדען, וועלכע וואלטען אן אנדערען, אן עטוואס שוואכערען כאראקטער, שוין לאנג געבראכען.

יצחק אייזיק, דער מענש מיט דער גרויסער וויזיאן, האט געזעהן צו ווייט, באגריפען צו טיף, אז דאס מאמענטאנע זאל איהם מאכען פעסעמיסטיש, אפ־העגריג. דערפון זיין שטענדיגער אפטימיזם, און דערפאר האבען איהם אלע, וואס האבען איהם נעהענטער געקענט, אזוי באמת ליב געהאט.

א גרויסע קראפט אין אונזער לעבען איז פארשניטען געווארען דורך דעם אומערווארטעטען און פריהצייטיגען טוים פון אונזער יצחק אייזיק, דער קריטיקער, דער דענקער, דער ווארט־זאגער אין אונזער ראדיקאלער וועלט.

לאנג, לאנג וועט אונזער אידיש־ראדיקאלע וועלט געדענקען איהם. ווייל אין אלץ, וואס ער האט געלערענט, גע־פריידיגט דורך ווארט און שריפט, האט ער נים געזוכט צו מאכען זיינע לעזער, זיינע צוהערער פאר זיינע חסידים, פאר זיינע אנהענגער, נאר פאר זעלבסטשטענ־דיגע, דענקענדע, פרייע מענשען.

**GERECHTIGKEIT**
*A Jewish Labor Weekly*
Published every Friday by the International Ladies' Garment Workers' Union
Office: 3 West 16th St., New York, N. Y.
MORRIS SIGMAN, President — S. YANOFSKY, Editor.
A. BAKOFF, Sec'y Treas. — H. A. SCHCOLMAN, Business Mgr.
Subscription price paid in advance: $1.00 per year.
Vol. VI. No. 28. — New York, Friday, July 11, 1924.
Entered as Second Class matter April 16, 1920, at the Postoffice at New York, N. Y under the act of August 24, 1912.
Acceptance for mailing at special rate of postage provided for in section 1103, Act of October 3, 1917, authorized on January 25, 1919.

# צו אלע ארבייטער קאָאָפּעראַטיווען, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אנדערע פּראָלעטאַרישע אינסטיטוציעס

חברים!

ארום ררייהאַלבען חדשים עקזיסטירט די ארבייטער - עמיגראַציע - ביוראָ ביים לאַנד־ראַט און צענטראַל־קאָמיסיע. אָבער שוין פאַר דער דאָזיגער קורצער צייט האָט זיך קלאָהר ארויסגעוויזען די נויטיגקייט און נוצליכקייט פון איהר עקזיסטענץ. פון די פאַקטען, וועלכע די פּרעסע ברענגט אָזוי אָפט, האָט איהר שוין געוויס געהאַט די געלעגענהייט זיך צו באַקענען מיט די וויכטיגע אָפּגעטאָנענע ארבייטען פון דער ביוראָ און מיט איהרע ארביים־פּלענער אויף ווייטער.

אָבער אינ'ם פּרט פון פינאַנסען געפינט זיך אונזער ביוראָ אין זייער א שווערער לאַגע. ביז אַהער האָבען מיר געארבייט מיט אייגענע מיטלען, איצט זיינען זיי פולשטענדיג אויסגעשעפּט. די שטיצע פון די אַמעריקאַנער אידישע ארבייטער לטובת דער עמיגראַציע ארבייט פאַלט אריין אין גאַנצען אין די הענט פון דעם בורזשואַזען פילאַנטראָפּישען עמיגראַציע קאָמיטעט וועלכע געפינט זיך אונטער דער ציוניסטישער השפּעה און וואָס אַנטזאָגט זיך קאַטעגאָריש צו שטיצען א זעלבסטשטענדיגע פּראָלעטאַרישע אינסטיטוציע.

מיר אַפּעלירען דעריבער צו אייך, חברים: אין אייערע הענט גיבען מיר איבער דעם שיקזאַל פון דער ארבייטער־עמיגראַנטען־הילף. וועט איהר אונז קומען צו הילף מיט א באַלדיגער געלד־שטיצע און זיך באַשטייערען מיט א שטענדיגער מאָנאַטליכער סובסידיע, וועלען מיר קאָנען ווייטער ערפילען אונזער חוב. אויב ניט — וועט די אחריות פאַ'ן אונטערגאַנג פון דער אַזוי וויכטיגער פּראָלעטאַרישער עמיגראַציע - אינסטיטוציע פאַלען אויף אייך.

ענטפערט אונז תיכף לויט'ן אַדרעס:

Wydriat Emigracyjny Komisji Centralnej, Filja 2, Warszawa, Dzielna No. 33.

געלט שיקט דורך דער ארבייטער־קרעדיט־צענטראַלע פּאָסט־טשעק־קאָנטאָ 6,332 מיט א צושריפט: „פאַר דער עמיגראַציע־ביוראָ".

עמיגראַציע קאָמיסיע פון לאַנד־ראַט.

1) ד. מייער
2) מ. גוטמאַן
3) נ. זיבערט
4) מ. אָזשער

## ווייסט איהר, אז

אז א האָספּיטאַל איז געעפענט געוואָרען פאַר אידישע קינדער אין יאַסי? א ספּעציעלע צערעמאָני איז פאַראַנשטאַלטעט געוואָרען ביי דער ערעפנונג. דער האָספּיטאַל איז געבויט געוואָרען מיט די פאָנדען וואָס איז צוגעשיקט געוואָרען ביי די אַמעריקאַן רילאַיענס דיסטריביושאָן קאָמיטע. ווייסט איהר אז מיוראַד סיגאַרעטס קאָסטען עטוואָס מעהר ווי אַנדערע סיגאַרעטס, וויל זיי ענטהאַלטען די פיינסטע קוואַליטי 100 פּראָצענט רייניג טירקיש טאַבעקאָ? פּרובט זיך צו צו טירקיש טאַבעקאָ, איהר וועט צופרידען זיין ווי אַנדערע האָבען עס געטאָן.

# צו די מיטגלידער פון דער מעכטיגער קלאוקמאכער יוניאן פון ניו יארק

שוועסטער און ברידער!

מאנטאג אין דער פריה איז געווארען 14 יאהר, ווען עס האט זיך אנגעפאנגען אונזער ערשטער היסטארישער סטרייק, וועלכער האט אוועקגעלייגט דעם פונדאמענט פאר די גרויסע און מעכטיגע קלאוק, סקוירט און ריפערמאכער יוניאן. יענער גרויסער סטרייק, וואס האט געמאכט א רעוואלוציע נים נאר אין דער קלאוק אינדוסטריע פון ניו יארק, זאנדערן איבער'ן גאנצען לאנד, האט זיך אנגעפאנגען מאנטאג, 10 אזייגער אין דער פריה, דעם 7טען דזשולי, אין דעם יאהר 1910.

אלזא, עס איז פונקט 14 יאהר זינט יענעם היסטארישען קאמף, וועלכער האט געגעבען דעם ערשטען טויט-קלאפ צו דעם „סוועטינג סיסטעם" פון קלאוק-טרייד.

אין פארלויף פון די 14 יאהר זייט איהר, אונטער דער פאהן פון אונזער יוניאן, שוין נאך איינינע מאל געשטאנען אין קאמף, פאר נייע פאדערונגען, פאר געוויסע פארבעסערונגען אין די שעפער, און יעדעס מאל, אזוי גוט ווי אין דעם היסטארישען קאמף פון 1910, האט איהר פינקטליך אויסגעפאלגט דעם רוף פון אייער יוניאן. איהר זייט געשטאנען אין קאמף שולטער צו שולטער, סאלידאריש און מיט באגייסטערונג, ביז איהר האט דעם קאמף געוואונען, ביז די מאנופעקטשורערס פון דער אינדוסטריע האבען איינגעשטימט צו סעטלען, נאכגעבענדיג די גערעכטע פאדערונגען פון דער יוניאן.

די פאדערונגען, וואס זיינען ארויסגעשטעלט געווארען אין יעדען גענעראל-סטרייק אין דער אינדוסטריע, זייט דעם יאהר 1910, זיינען, נאטירליך, געווען פארשיידען. אבער דער גרונט-מאטיוו פון די אלע פאדערונגען איז אלע מאל געווען דער זעלבער, נעמליך: צו פארבעסערען די ארביימס-באדינגונגען אין די קלאוק-שעפער און צו פארלייכטערען, ווי ווייט דאס איז מעגליך אונטער די אומשטענדען, דאס לעבען פון די ארבייטער.

היינט, שוועסטער און ברידער, געהען מיר ווידער ארויס אין קאמף! די לאגע אין דער אינדוסטריע האט זיך באדייטענד געביטען אין די לעצטע עטליכע יאהר; עס זיינען פארשוואונדען די לעדזשיטימיים קלאוק-מאנופעקטשורער, זייער פלאץ האבען פארנומען אנדערע, אויך מאנופעקטשורער, אבער זיי רופען זיך „דזשאבערס", „מוירטשענטס". אין דעם טרייד מוז איינגעשטעלט ווערען ארדנונג. אין אלע קלאוק-שעפער מוזען הערשען די זעלבע יוניאן-באדינגונגען. אלע נאן-יוניאן דזשאבערס מוזען יוניאניזירט ווערען; אלע אינדעפענדענט דזשאבערס, און אלע אינדעפענדענט מאנופעקטשורערס מוזען געבראכט ווערען אין ליין, אנצונעהמען דעם אגרימענט מיט דער יוניאן.

שוועסטער און ברידער! מיט היינטיגען גענעראל-סטרייק מישט אויף די יוניאן א נייע בלאט אין איהר געשיכטע. דער סטרייק איז א וויכטיגער און א נויטווענדיגער, פיליכט דער וויכטיגסטער אין דער געשיכטע פון דער קלאוקמאכער יוניאן, זינט יענעם היסטארישען קאמף פון יאהר 1910. און דיזער סטרייק זאל געפיהרט ווערען מיט דער זעלבער באגייסטערונג, און מיט דער זעלבער איבערגעבענקייט, ווי דאס איז געטאן געווארען אין דעם סטרייק פון 1910, און אויך אין די אלע אנדערע גרויסע קאמפען, אין די גענעראל סטרייקס וואס די יוניאן האט דערקלערט, און אויך ערפאלגרייך דורכגעפיהרט, אין די לעצטע 14 יאהר פון איהר קאכעדינגען, רוישיגען און פרוכטפולען לעבען.

אלע קאמפען, וואס איהר, שוועסטער און ברידער, האט דורכגעמאכט אין פארלויף פון די פערצעהן יאהר; אלע גענעראל-סטרייקס, וואס זיינען אין דער צייט אויסגעפאכטען געווארען אין פארלויף פון דער צייט, האבען זיך געענדיגט מיט ערפאלג. דורך אייער אייניגקייט, און מיט דער מאכט פון אייער גראנדיעזער יוניאן האט איהר געבויגען די הארטנעקיגקייט פון די באלעבאטים, און זיי האבען אלע מאל געמוזט אונטערשרייבען אן אגרימענט, אפצוהיטען די יוניאן-סטענדערדס אין די שעפער.

מיר האבען געהאט א גאנצע רייהע פון קאנפערענצען און „הירינגס" אין סיטי האל, פאר גאווערנאר סמיטה'ס ספעציעלער קאמיסיע; מיר האבען דארט אנגעוויזען אויף די אלע נויטיגע רעפארמען, וואס מוזען איינגעשטעלט ווערען אין דער אינדוסטריע, און אז דעם איצטיגען סטרייק ווענדט זיך, אז דיזע נויטיגע רעפארמען זאלען איינגעפיהרט ווערען אין לעבען.

דער סטרייק איז, אלזא, דערקלערט! די יוניאן האט ווידער אמאל ארויסגעצויגען די שווערד פון שייד, און די שווערד וועט צוריק נים אריינגעשטעקט ווערען ביז ארדנונג וועט איינגעשטעלט ווערען אין דער קלאוק-אינדוסטריע, וואס זאל פארנעהמען דעם פלאץ פון דעם כאאס, וואס הערשט איצטער, פון דעם כאאס, וואס ווערט געשאפען פון די נארנגעל-שניידענדע קאנקורענץ, וואס עקזיסטירט צווישען די קאנטראקטארס און די סאב-מאנופעקטשורערס אין דער אינדוסטריע.

די אינדוסטריע קאן נים ארבייטען אונטער דעם איצטיגען צושטאנד פון אומבאשטימטקייט; אונטער א צושטאנד, וואס מען ווייס נים היינט וואס מארגען וועט זיין. עס מוז צוריק איינגעשטעלט ווערען אן אגרימענט, וואס זאל גאראנטירען די ארבייטער די אלע פארבעסערונגען, וואס מיר האבען געוואונען דורך אלע אונזערע פריהער-אויסגעקעמפטע סטרייקס, פון וועלכע די טויזענדע מיטגלידער פון דער יוניאן האבען אזוי פיל געליטען, אזוי פיל געבלוטיגט, און אויך די נייע פונקטען, וועגען וועלכע עס האנדעלט זיך אין דעם איצטיגען סטרייק, מיט וועלכע אונזערע מיטגלידער זיינען שוין באקאנט פון פריהער.

דער אגרימענט מוז געשלאסען ווערען מיט אלע עלעמענטען אין דער אינדוסטריע, און די יוניאן מוז איצט באקומען די פולע גאראנטיע, אז די פונקטען וואס געהען אריין אין דעם נייעם אגרימענט, זאלען נים בלייבען בלויז אויפ'ן פאפיר, זיי זאלען דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען, לטובה די ארבייטער.

אלזא, שוועסטער און ברידער, מיר האפען, אז איהר פארשטעהט גוט די לאגע און מיר זיינען איבערצייגט, דאס דעם איצטיגען סטרייק, דעם איצטיגען קאמף, וועט איהר פיהרען מיט דער זעלבער איינינקייט, מיט דער זעלבער איבערגעבענקייט און מיט דער זעלבער סאלידאריטעט, וואס איהר האט עס געטאן אלע מאל פריהער, און דעמאלט איז נישטא קיין מאכט אין דער וועלט, וואס זאל אונז קאנען באזיגען.

לאנג זאל לעבען די מאכט פון איינינקייט פון די ארבייטער-מאסען!

לאנג זאל לעבען די גרויסע, מעכטיגע קלאוק, סקוירט, דרעס און ריפערמאכער יוניאן!

לאנג זאל לעבען אונזער אינטערנעשאנאל לעדיס גארמענט ווארקערס יוניאן!

**מאריס זיגמאן,**
פרעזידענט א. ל. ג. וו. יו.

# די פארשידענע אפטיילונגען פון דער גענעראל סטרייק קאמיטע

מאריס זיגמאן, טשערמאן.
י. פיינבערג, וויים-טשערמאן.

**האל קאמיטע:**
228 סעקאנד עוועניו
טעלעפאן סטייוועסאנט 0713
דזש. ברעסלאו, טשערמאן
טש. אראנסקי ב. מאזער מאליסאנ.

**ארגאניזיישאן קאמיטע:**
בעטהאווען האל, 210 איסט 5טע סט.
טעל. ארטשארד 6404-6405-6406
ד. דובינסקי, טשערמאן
ס. ריננער, סעקרעטאר
שוסטער, ה. ל. הייעט.

**ספיקערס קאמיטע:**
231 איסט 4טע סטריט,
טעלעפאן לעקסינגטאן 5217
מ. דזש. אשפיז, טשערמאן
מ. פרידמאן לואידזשי אנטאניני.

**סעטלמענט קאמיטע:**
סעריאס האטעל, 43 סט. און בראדוויי
טעל. ברייענט 7100
י. פיינבערג, טשערמאן
ס. נינפא, סעקרעטאר
דזש. רובין.

**פיקעט קאמיטע:**
ארלינגטאן האל, 19 סט. מארקס פלייס,
טעל. ארטשארד 2628-2709
ה. וואנדער, טשערמאן
ה. סלוצקי, סעקרעטער.

**לאא קאמיטע:**
130 איסט 25טע סטריט,
טעל. מעדיסאן סקווער 7680
ל. לאנגער, טשערמאן.

**אוט-אוו-טאון קאמיטע:**
3 וועסט 16טע סטריט,
טעל. טשעלסיא 2148-2149-2150
דזש. האלפערין, טשערמאן
ה. לובינסקי, סעקרעטער
דזשא. סטאנקעוויטש.

**רעליף קאמיטע:**
לואיס לייווי, טשערמאן.
שעהנהאלץ. מאריסאני.

**פינאנס קאמיטע:**
130 איסט 25טע סטריט,
טעל. מעדיסאן סקווער 7680
אב. באראף. דזש. פיש.

**נאן-יוניאן דעפארטמענט:**
אסטאריא האל אנעקס, 62 א. 4טע סט.
טעל. דריידאק 8045.
בערנארד שעהן — טשערמאן.

אלע דיסטריקט און לאקאל אפיסעס וועלען דיענען אלס אינפארמיישאן ביוראס.

וו. בארקאן, — טשערמאן
130 איסט 25טע סטריט.
טעל. מעדיסאן סקווער גארדען 7680.

# שאפ-טשערלייטע פון די קלאוקס, סקוירט און ריפער שעפער!

די טשערלייט פון די פראטעקטיוו, אמעריקען, אינדעפענדענט און קאנטראקטארס קלאוק, סקוירט און ריפער-שעפער, ווערען געבעטען זיך צו מעלדען צו דער האל-קאמיטע, אין 228 צווייטע עוועניו, אויפ'ן 6טען פלאר, וואו זיי וועלען באקומען זעהר וויכטיגע אינפארמאציע אין באצוג דעם גענעראל סטרייק אין דער אינדוסטריע.

זיך צו ווענדען צו דזש. ברעסלאו, דער טשערמאן פון דער קאמיטע, אדער צו זיינע מיטהעלפער, טשארלס אראנסקי און ב. מאזער, מען קאן זיך מעלדען יעדע טאג, פון 9 אין דער פריה ביז 7 אווענט.

# עקספּראָפּריאירט... אַ זשאַנדאַרם!

א דערצעהלונג

(פון דער סעריע „זכרונות פון דער רעוואָלוציאָנערער פארגאנגענהייט")

פון י. רובין.

ס'איז געווען אנהויב 1906. די צו זיך געקומענע צארישע רעאקציע האט זיך גענומען פאר דער אויסראטונג פון די „קראמאלע" מיט אזא ברוטאליטעט, וואס איז אפילו פאר איהר געווען אויסערגעוועהנליך. אין די אלע רדיפות און יסורים האט זיך געפיהלט דער רצון פון מחרנים צו פארגלעטען דעם אונאנגענעהמען רושם פון פריהערדיגער כאראקטערלאזיגקייט, צו פארגיטיגען די פריהערדיגע שוואכקייט און וואקלעניש.

אביסקען און ארעסטען זיינען געווען מעשים בכל יום. די ספּיציעלע טורמעס זיינען געווען אזוי איבערפילט און אנגעפראפט, אז זיי האבען שוין ניט געקענט בשום אופן ארייננעהמען די אלע נייע צוגעקומענע מחנות פון פאליטישע ארעסטירטע, האט מען גענוצט אין א־עסטה־ייער פארוואנדלען די פאליציי צירקלען, ארמיניסטראטיווע אנשטאלטען און צומאל אפילו שפּיטאלען.

אין די רעוואלוציאנערע רייהען האט מען גוט פארשטאנען, אז דער „נייער קורס" פון דער רעאקציע וועט האבען לאנגע יאהרע, אז דער „בין השמשות" פון דער רעוואלוציע וועט זיך לענגער מוזען פארציהען און מ'האט איינגעזעהן, אז דער בעסטער מיטעל אויסצומיידען די סכנה איז — די עמיגראציע, דאס פארלאזען רוסלאנד.

דאס איז אבער געווען ניט לייכט אויסצופיהרען. אלע גרענעץ־פונקטען זיינען געווען שטארק באוואכט, און מען האט געמוזט אננעהמען באזונדערע קונציגע פארזיכטס־מיטלען, כדי ארויסצוכאפען זיך בשלום פון אונטער די שפּיאָנאזש־נעצען. ס'איז געווארען זעהר א גרויסע נויטיגקייט אין „כשר'ע" פּאספּארטען.

געוויינליך, כשהשנים כתיקונן, פלעגט מען זיך באנוצען מיט די אזוי גערופענע „באקומלאך", ד. ה. פאספארטען, פאבריצירט דורך די אייגענע פארטייאישע „טעכניקער", אויף נאכגעמאכטע בלאנקען מיט נאכגעמאכטע שטעמפלען און אונטערשריפטען. איצט אבער האט מען שוין מיט די דאזיגע „באקומלאך" ניט געקענט אויסקומען און מ'האט געדארפט האבען אמת'ע קאזיאנע בלאנקען מיט קאזיאנע שטעמפלען.

וואו זשע נעהמט מען כשר'ע פאספּארטען? — האט זיך אנגעהויבען א סדרה פון עקספּראפּריאציעס אין די גמינעס און ביי די אידישע „סטאראסטעס" אין די קליינע שטעדטלאך. דאס זיינען געווען איינענארטיגע עקספּראפּריאציעס, און דער גרויסער עולם, וואס איז געווען פריהער געוואוינט צו די אנארכיסטישע עקספּראפּריאציעס מיט געלד־צוועקען, פלעגט א פארוואונדערטער קוועטשען מיט די פלייצעס:

— קיין געלד נעהמען זיי דאך ניט, קיין געלד זוכען זיי דאך ניט, ווי אזוי זשע שטעלט מען זיך עס איין דאס לעבען צוליב עפּעס פאפירלאך?

און זיידענע יונגע לייטלאך, איידימס אויף קעסט, פלעגען זיך אפילו וויצלען אין בית־מדרש אויפ'ן חשבון פון די שפּאגעל־נייע עקספּראפּריאציעס:

— וואס פארשטעהט איהר ניט? די ביינע חברה האט פארלארען דעם אייזערנעם בריק, ווילען זיי זייער משיח ברענגען אויף א פאפירענעם בריק... ס'פעהלען זיי פאפירלאך!

און די „פאפירלאך" האבען טאקע שטארק געפעהלט!

⁂

הערשעל דור'ס איז געקומען קיין מינסק מיט א פארטרוילאכען פלאן צום צענטער: אין שטעדטעל הארעדאק קען מען זעהר לייכט דורכפיהרען אן עקספּראפּריאציע. ער האט דארטען לעצטענס געארבייט, פארריכט דעם קופאל פון קלויסטער און האט זיך גוט באקאנט מיט דעם שטעדטעל. ס'איז א פארווארפען שטעדטעל, ווייט פון באהן, פון קאזאקען איז קיין זכר ניטא, די גאנצע פאליציי באשטעהט פון א שכור'ן אוריאדניק מיט א פארשלאפענעם סטראזשניק. און דער סטאראסטא, ר' פישעל, איז א איד נוטה למות: ער וועט זיך דערשרעקען פאר א פיפס און וועט תיכף, אהן ווידערשטאנד, אפגעבען דעם גאנצען „אוצר". און אן אוצר פון בלאנקען איז ביי ר' פישלען דוקא פאראן א באדייטענדער: נישטקשה, ער, הירשל, ווייס עס געניי, ער האט זיך צו דעם גוט צוגעקוקט. ס'וועט זיין א זיכערער ערפאלג!

דער „טעכניקער" פון צענטער, גרשון דער לאנגער, האט זיך פאר הירשל דור'ס פלאן אנגעכאפּט. ער האט לאנג חוקר ודורש געווען דעם אינפארמאטאר, האט פאנאנדערגעפרעגט וועגען אלע פרטים, האט קלאר געמאכט און פאראויסגעזעהן אלע אומערווארטעטקייטען און איז צום סוף געקומען צום אויספיהר:

— ס'איז אן ענין!

און האט א באגייסטערטער אויף זיין „טעכנישען לשון" ערקלעהרט די איבעריגע חברים פון צענטער:

— ס'וועט זיין ברויט מיט זאלץ!

דאס זאל הייסען: ס'וועלען זיין סיי בלאנקען, סיי אונטערשריפטען מיט א שטעמפעל.

און הערשעל דור'ס האט ער פארזאגט:

— פתח שין שא, חבר! קיין סוינעל זאל פון דעם ניט וויסען!

ס'איז איהם, גרשון דעם לאנגען, געגאנגען אין אמביציע:

— ס'זאל, חס וחלילה, די „ברויט מיט זאלץ" ניט ארויסכאפען אן אנדערע פארטיי...

---

הערשעל דור'ס, א גוטער, איבערגעגעבענער חבר, נאר דאך א פראווינציעלער בחור, איז א שטארק צופרידענער און שטאלצער אוועק פון גרשון דעם לאנגען: — ער האט עס דעם גוטען פלאן געבראכט, ער וועט זיך אויך אין דער עקספּראפּריאציע גופא באטייליגען, און זאלען זיינע חברים אין שטעדטעל וויסען, אז ער, הערשעל, איז ניט אבי־ווער...

א גאנצען טאג איז ער ארומגעגאנגען איבער דער גרויסער שטאדט א פארטרוימטער, מיט א התלהבות'דיג־פארטרויטעלטען פנים. ער האט זיך אלץ געפונען אונטער'ן איינדרוק פון זיין שמועס מיט גרשון דעם לאנגען. ער איז געווען געריהרט פון דעם גרויסען און וויכטיגען סוד, וואס ער האט געטראגען ביי זיך.

אין אווענד האט ער זיך געטראפען מיט זיין חבר פון קינדהייט, ישראל'קע דעם שלאסער, א בחור פון זיין שטעדטעל, וואס ארבייט שוין א לענגערע צייט אין מינסק און באציהט זיך דעריבער מיט גאוה צו אלע זיינע חברים פון פריהער.

דער האט זיך מיט הערשלען שטארק דערפרעהט, האט איהם אויף א גוטמוטיג־חבר'שען אופן גענומען אויפווארפען, פאר וואס ער, הערשעל, געהט סוף כל סוף ניט אריבער צו דער אמת־רעוואלוציאנערער פארטיי, צו וועלכער ס'געהערט ער, ישראל'קע דער שלאסער, אליין.

— גענוג דיר שוין, ברודער, צו לאזען זיך דרעהען א ספּאדיק פון די קליינבירגער. וואס טוט דען ד ײ י ן פארטיי און וואס איז זי ביכולת אויפצוטאן? קום אריבער צו אונז און אן עק זאל עס נעהמען! — הערשעל האט זיך שטארק צוהיצט, האט לאנג זיך געאמפּערט מיט זיין חבר ישראל'קע, האט איהם געפרואווט דערוויזען, אז ז ײ י ן פארטיי איז בכלל ניט קיין קליינבירגערליכע, אז זי טוט אויף א סך און קען א סך אויפטאן.

און ווען ס'האבען שוין אויסגעפעהלט דיסקוסאנטישע ארגומענטען — ישראל'קע שלאסער האט געהאט א „צונג אויף שרויפען" און האט הערשלען פארשריען, — האט ער ניט ווילענדיג אויסגעשאסען:

— און ווער וועט מאכען אן עקספּראפּריאציע אויף „פאפירלאך" אין הארעדאק? ד ײ י ן פארטיי וואלט עס אפילו אויפ'ן זינען ניט געקומען!

ישראל'קע שלאסער איז אנטשוויגען געווארען, האט געמאכט א פנים פון א באזינגטען און האט פארפיהרט גאר אן אנדער שמועס, האט גענומען נאכפרעגען אויף באקאנטע פון דער היים:

— וואס מאכט עפּעס אונזער אלטער רבי, שמואל ליב? געדענקסט, הערשעל, ווי מיר האבען ביי איהם געלערענט אין חדר און געכאפּט שמיץ ווי האנעל? און וואס איז מיט ריוועשע נח'ס — אפשר א כלה געווארען?

⁂

גרשון דער לאנגער האט הערשעל'ס פלאן ניט געלאזען „פארזיירעט ווערען". ער האט תיכף אויפגעשטעלט אן עקספּעדיציע. הערשעל אליין איז, פארשטעהט זיך, אויך אריין אין דער עקספּעדיציע. אויסער איהם האבען זיך נאך אין איהר געדארפט באטייליגען גרשון, ישראל באטשע'ס און גדליה שוסטער, א חבר פון הארעדאק, וועמעס טאטע האט געהאנדעלט מיט פערד און ער האט דעריבער געקענט אפּווארטען אויף דער עקספּעדיציע אויפ'ן באהן פ א ר דער עקספּראפּריאציע און אפפיהרען זיי צוריק צום באהן נאך דער עקספּראפּריאציע.

דער פלאן איז געווען אן איינפאכער.

מ'וועט אראפּקומען אין שטעדטעל ביינאכט, ווען ס'איז שטאק־פינסטער און אלע הארעדאקער בעלי בתים שלאפען זיך רוהיג און זעהען גוטע חלומות, מ'וועט אנקלאפּען צו ר' פישעל סטאראסטא און מ'וועט הייסען לאזען פאנאנדערעפענען די קעסטלאך פון קאזיאנעם טיש און אפּגעבען אלע „פאפירלאך". ער, ר' פישעל, וועט קיין בייז ווארט ניט זאגען, ער וועט מורא האבען. יותר בטחון וועט מען איהם ווייזען א בראונינג. פאר אזא גבור, ווי ר' פישעל, וועט א בראונינג גענוג זיין!

אין באהן, פון מינסק קיין ארעכנאוויטש, די נעהנטסטע סטאנציע צו הארעדאק, האבען זיך אלע אנטייל גענומען אין דער עקספּעדיציע אויסגעזעצט, צוליב קאנספּיראציע־טעמים, לויט גרשון'ס פארארדנונג, אין באזונדערע וואגאנען. זיי האבען אלע באגעגנט ביים אריינגעהן אין צוג עפּעס א זשאנדארם, וואס האט אויף יעדען פון זיי געקוקט, האבען אבער אויף דעם קיין באזונדער אכט ניט געגעבען: מאלע וואס א זשאנדארם קוקט, די עבודה פון א זשאנדארם איז דאך צו קוקען...

ווען זיי האבען אבער אויך אין ארעכנאוויטש, ארויסשטייגענדיג פון צוג, ווידער דערזעהן דעם זעלבינען זשאנדארם, איז זיי די זאך געווארען קשה: אפשר שפּירט ער זיי נאך, אפשר א דורכפאל?

באזונדערס באאומרוהיגט איז געווען דער פיהרער פון דער עקספּעדיציע, גרשון דער לאנגער. ער האט שוין געוואוסט פון ערפאהרונג, אז טרעפען א זשאנדארם איז נאך ערגער, ווי טרעפען אויפ'ן וועג א גלח. ס'איז ניט קיין גוטער סימן.

און נאך אומרוהיגער איז גרשון געווארען, ווען ער האט דערזעהן, אז דער זשאנדארם לאזט זיך נעהמען א פוהרע גלייך קיין הארעדאק. ער איז אפילו צוגעגאנגען צו גדליה שוסטער'ס פוהרע, נאר גדליה, אן איבערגעטאגענער, מ'זאל איהם ניט דערקענען, האט א מורמעל געטאן אויף א פארפרעמדטען קול:

— זאניאט, וואשע וויסאקאראדיע!

— ס'איז, חברים, ניט פרעהליך — האט גרשון א זאג געטאן דער עקספּעדיציע אין וועלדעל ביים וואקזאל, וואוהין זיי האבען זיך אויפגעקליבען לויט גרשון'ס שטומען צייכען. מ'האט לאנג געטראכט, וואס צו טאן, און ס'איז געבליבען: — פארט זיך ניט אפּצוזאגען פון פלאן.

אויפגעמונטערט האט הערשעל דור'ס. ער האט ניט געקענט שלום מאכען מיט דעם געדאנק, אז פון דעם פלאן, פון ז ײ י ן פלאן, זאל גארניט ווערען.

— עט, נארישקייטען! — האט ער דרייסט א זאג געטאן צום סוף פון דער בעראטונג — „פון שרעק באקומט מען אן עק", זאגט מיין מאמע. דער זשאנדארם האט אונז אין זינען ווי דעם פאראיאהריגען שניי. ער פאהרט געוויס פון הארעדאק ערגעץ אין א דארף, וואו מ'גנב'עט לעצטענס אפט פערד. לאמיר זיך לאזען אין וועג אריין!

און ס'איז געבליבען טאקע, אז מען לאזט זיך אין וועג אריין.

אין שטעדטעל איז מען געקומען נאך האלבע נאכט. ס'איז געווען פינסטער און בלאטיג. קיין לעבעדיגען נפש האט מען אין גאס ניט געטראפען. אלע, אנגעשטרענגטע און שטארק פארטיפטע אין זיך, האבען געצויגען נאך הערשעל דור'ס, דעם וועג־ווייזער, ביז מ'איז צוגעקומען צו פישעל סטאראסטא'ס הויז, און מ'איז פארנאפטע און דערשראקענע געבליבען שטעהן: ס'איז אין א ווייטע צימער געווען ליכטיג, שטארק ליכטיג, פונקט ווי דארטען וואלט געברענט דער שבת'דיגער בליי־לאמפּ. פון ווייטען האט מען דאס ליכט ניט געזעהן, ערשט פון נאהענטען האט דער פייער אין די אויגען א קלאפּ געגעבען.

מ'האט זיך גוט צוגעקוקט. אלעמענס הערצער האבען אויף א רגע אויפגעהערט צו קלאפּען, און גרשון דער לאנגער האט זיך אויפגעהויבען אויף די שפּיץ פינגער, אריינגעקוקט און א מורמעל געטאן:

— דער „יאלד" איז דארטען, דער זשאנדארם... א זיכערער דיבבאל...

אינסטינקטיוו האבען אלע גענומען שטעלען פיס, אפּצוטרעטען פון דעם סכנה־פלאץ, האט זיך אבער פלוצלונג איינגעמישט גרשון דער לאנגער:

— ניין, חברים. איצט איז שוין פארפאלען! פריהער האט איהר מיר ניט געפאלגט. איצט איז שוין שפּעט! און ער האט תיכף צוגעגעבען:

— ער איז דארטען אליין, דער „יאלד". מיר וועלען איהם עקספּראפּריירען צוזאמען מיט די פאפירלאך. נאך מיר, חברים!

און ער האט א קלאפּ געטאן אין טיר.

די טיר האט געעפענט פישעל סטאראסטא אליין.

די חברים האבען זיך אריינגעשאטען אין שטוב נאך גרשון'ען. ישראל באטשע'ס האט זיך לויט גרשון'ס צייכען געשטעלט ביי דער טיר קיינעם ניט ארויסצולאזען פון שטוב, און גרשון — נאך איהם די איבעריגע — מיט'ן גלאנציגען בראונינג אין האנד האט זיך א לאז געטאן צום זשאנדארם:

— ניט ס'מיעסטא, דיאוואל! (ניט פון ארט, דו שד!), און איידער יענער האט נאך באוויזען זיך א באוועג צו טאן, האט ער זיך אויף איהם ארויפגעווארפען, פארשטאפּט מיט א טיכעל דאס מויל און געבונדען הענד און פיס.

די חברים זיינען געשטאנען ווי פארגליווערטע. ביי הערשעל דור'ס האבען די צייהנער געקלאפּט פאר שרעק. אלע האבען צוגעקוקט, וואס גרשון טוט.

— און איצט, ר' פישעל, אהער די בלאנקען מיט'ן שטעמפּעל מיט הכל־בכל־מכל־פלעקעל. ניט עס אפּ תיכף, ר' פישעל, ווייל אט דער בחור — און ער האט דערביי א שאקעל געטאן מיט'ן בראונינג — איז א טייערער חזן, ער קען פיין זינגען...

ר' פישעל, א טויטער, אהן א טראפּען בלוט אין פנים, איז געשטאנען ארומגערינגעלט מיט זיינע בני־בית, וואס זיינען נאך פון פריהער, ביים אנקומען פון זשאנדארם, געשטאנען און געציטערט. די אויגען זיינען ביי זיי אלעמען געווען איבערגעקעהרט פון שרעק. די ערשטע, פון וועמען מ'האט א קלאנג דערהערט, איז געווען די אלטע פישעליכע, דעם סטאראסטא'ס ווייב:

— גוואלד געשריען, וואס טוט זיך דא? פריהער דער משינאווניק נאך פאפירען, איצט די... ווער זיינען זיי עס?

— שטיל! — האט גרשון באפוילען. — אהער די פאפירען מיט'ן שטעמפּעל!

און דא איז שוין הערשעל דור'ס צו זיך געקומען, איז צוגעשפּרונגען צו דעם אפענעם טיש־קעסטעל — דער זשאנדארם האט עס נאך פון פריהער געעפענט — און האט פון דארטען ארויסגענומען א גאנצען פּאק מיט פאספּארטען־בלאנקען, מיט א שטעמפּעל.

— נו, ס'וועט זיין גענוג! — האט גרשון א זאג געטאן. — מיר האבען שוין גענוג „ברויט מיט זאלץ"; פאר אונז וועט עס קלעקען.

און ער האט דעם פעקעל צוגענומען צו זיך.

— איהר, חברים, נעהמט דעם יאלד אויפ'ן וואגען. אך, וועט מען עס פון אונז לאכען: געקומען עקספּראפּריאירען „פאפירלאך" און געפּאקט א זשאנדארם, אן אומזיסטע בייגאבע צו די „פאפירלאך". מיר וועלען שוין שפּעטער זעהן וואס מיט איהם צו מאכען...

מ'האט א נעהם געטאן דעם זשאנדארם פאר די הענד און פיס.

— ר' פישעל! האט קיין פאראיבעל ניט פאר דעם שפּעטען וויזיט. לעגט זיך שלאפען. פון שטוב זאל קיינער ניט דערוועגען זיך ארויסצוגעהן ביז מארגען פריה. דאס איז אייך מיין עצה. ביי דער טיר לאזען מיר איבער א קליין באמבעלע. זי קען נאך חלילה אויפרייסען. א גוטע נאכט, ר' פישעל!

און מ'איז ארויס פון שטוב: גרשון מיט'ן פעקעל בלאנקען אין האנד און די איבעריגע מיט דעם עקספּראפּריאירטען זשאנדארם.

מ'האט זיך אוועקגעזעצט אויף גדליה'ס פוהר, וואס האט שוין געווארט ניט ווייט פון פישעל'ס שטוב, א שמיץ דעם פערד און — מ'איז אוועק.

ערשט ווייט פון שטעדטעל, אין וואלד, האט מען גענומען ארומטראכטען וואס מ'זאל טאן מיט'ן זשאנדארם.

— פארפאלען! — האט א זאג געטאן גרשון דער לאנגער. — מיר זיינען אפילו געגען בלוט־פארגיסונג, נאר איהם, דעם „יאלד", מוז מען אפּרוימען פון וועג. אנדערש זיינען מיר פארפאלען מיט די ביינער. איך וועל איהם דערשיסען! נאר דא האט געטראפען עפּעס אונערווארטעטעס: דער געבונדענער זשאנדארם האט אויף א וואונדערליכען אופן באפרייט זיך פון טיכעל, מיט וועלכער מ'האט איהם פארשטאפּט דאס מויל און האט א דערשראקענער

(שלוס אויף זייט 10)

# דער באזוך אין די יוניטי הויז דעם 4טען דזשולײ ברעכט אלע רעקארדס

אריבער צוויי הונדערט מענשען האבען געמוזט פאהרען צוריק. — דער גרויסער עולם אמוזירט זיך אויפ'ן שענסטען און בעסטען אופן. — די אדמיניסטראציע און די יוניטי הויז קאמיטע מוזען אלין, וואס זיי קאנען צופרידענצושטעלען דעם גרויסען עולם.

אין דער יוניטי הויז פון אונזער ווייסט און דרעסמאכער, אין פארעסט פארק, אויף די „בלויע" בערג פון פענסילווייניא, זיינען שוין אפטמאל געווען א סך מענשען. אבער נאך קיין מאל פריהער אין דער געשיכטע פון דער יוניטי הויז האבען מיט איין מאל אהין זיך א ריז נעטאן אזוי פיל מענשען, אזוי פיל באזוכער, ווי לעצטע וואך, דעם 4טען דזשולײ.

די יוניטי הויז האט פלאץ גענוג אריינצונעהמען א פינף-זעקס הונדערט מענשען, וועלכע זאלען דארטען האבען פארברייננגען נאכ'ן באקוועם. אבער פאר'ן „וויק-ענד" פון 4טען דזשולײ האט זיך אהין א ציה געטאן א באזונדערס גרויסער מענשען-שטראם און מיט די „רעגעלע געסט" וואס זיינען דארט געווען פון פריהער פאר זייער וואקיישאן, האט די צאל פון באזוכער דערגרייכט צו א טויזענט פערזאן!

דער עולם האט גענומען אנקומען דאנערשטאג ביינאכט. אבער נאר א גרויסער מענשען-שטראם האט זיך גענומען ציהען אהין פרייטאג, דעם 4טען דזשולײ. דעם גאנצען טאג האבען געהאלטען אין קומען מענשען. די יוניטי באס-קארס זיינען געפאהרען אין און צוריק צום ריילראוד סטיישאן און האבען געבראכט די געסט. מאסען מענשען זיינען אנגעקומען פון סטראדסבורג מיט אוטאמאבילען און טעקסיס און דער גאנצער וועג צו דער יוניטי הויז איז פארשטאפט געווארען מיט אוטאמאבילען. עס איז געווען א גרויסע און שעהנע דעמאנסטראציע אויף רעדער.

און די אדמיניסטראציע פון דער יוניטי הויז, אזוי גוט ווי די גאנצע יוניטי הויז קאמיטע, וואס איז גליקליכערווייזע אויפ'ן פלאץ געווען, האבען געהאט א שווערען דזשאב דעם גרויסען עולם אויסצונעהמען, צו באזארגען מיט צימערן אזוי, ווי עס איז נאר מעגליך געווען.

נאטירליך, דעם „פרעפערענס" האבען באקומען די געסט, וועלכע האבען זיך רעדזשיסטרירט אין ניו יארק און מען האט געוואוסט אז זיי קומען. מאנכע אבער פון די באזוכער האבען עס פארפעלט צו טאן, זיי האבען אין ניו יארק זיך ניט רעדזשיסטרירט, און אריבער צוויי הונדערט פערזאן האבען געמוזט פאהרען צוריק, זיי האבען געמוזט זוכען פאר זיך ערגעץ א רעדבײ-איגען פלאץ וואו זיך אפצושטעלען. ווייל ביים בעסטען ווילען האט מען זיי אין דער יוניטי הויז ניט געקענט אויפנעהמען. עס איז פשוט ניט געווען וואו. עס איז שוין ניט אבגענעהם געווען פאר'ן מענעדזשער פון פלאץ, ברודער ראטענבערג, אזוי גוט ווי פאר דער גאנצער יוניטי הויז קאמיטע צוריקצושיקען מענשען, אבער מען האט עס דאך געמוזט טאן. מען האט שוין אזוי אויך אריינגענומען מעהר מענשען, ווי דער גרויסער פלאץ קען אריינגעהמען, ניט ווייל מען האט עס געוואלט, נאר ווייל אונטער די אומשטענדען האט מען עס געמוזט טאן, ווייסענדיג וואס עס מיינט פאר מענשען, וואס פאהרען מיילען ווייט און דארפען נאכדעם פאהרען צוריק. און דעריבער איז טאקע דער פלאץ געווען פאר די פאר טעג איבערפילט, און טאמער האבען מאנכע פון די געסט צוליב דעם אין די פאר טעג ניט געהאט אלע זייערע באקוועמליכקייטען, ווי מען איז עס געוואוינט צו האבען אין דער הרחבה'דיגער יוניטי הויז, וועלען זיי דאס מאל מוזען מוחל זיין און מיר האפען, אז זיי וועלען עס געווים טאן: זיי האבען דאך אליין געזעהן וואס דארט איז פארגעקומען.

מיר מאכען אויפמערקזאם אונזערע מיטגלידער, דאס אויב זיי ווילען ארויספאהרען אין דער יוניטי הויז, אדער ווילען שיקען אהין זייער פאמיליע, זאלען זיי זיך אפריהער רעדזשיסטרירען אין ניו יארק, אין אפיס פון דער דרעסמאכער יוניאן, אין 16 וועסט 21טע סטריט. ווען זיי רעדזשיסטרירען זיך אפריהער, גרייט מען אן פאר זיי פלאץ. די אבער, וואס פאהרען אריין ניט רעדזשיסטרירט, קענען ניט זיכער זיין צי מען וועט זיי דארט אויפנעהמען. זאל קיינער ניט נעהמען אזא „טשענס".

צום שלוס דארף געזאגט ווערען, דאס די יעניגע, וואס זיינען געווען פון די גליקליכע דארט אויפגענומען צו ווערען, האבען זעהר גוט פארבראכט, ווי דאס איז דער שטייגער אין דער יוניטי הויז. פרייטאג און שבת אווענט זיינען פארגעקומען קאנצערטען און פארוויילונגען, אויף וועלכע דער גרויסער עולם האט זיך

גוט אמוזירט. עס האט אפילו ניט געפעלט „דער שײנעץ", דער „אפיציעלער ארגאן" פון דער יוניטי הויז, כאטש, ווי מען ניט אונז איבער, איז „דער שײנעץ", דאס מאל ניט געווען אזוי געראטען ווי שטענדיג. אבער מסתמא וועלען די אויסגעבער פון „שײנעץ" זיך א סטארע טאן און עס פארבעסערען א צווייטען מאל. זאל דארט די רעדאקציע פון „שײנעץ" ביי זיך ניט אריינטערפאלען...

# דעם זונטאג ווערט אויפגעדעקט די מצבה נאך מארים ראזענפעלד.

דעם זונטאג, דעם 13טען דזשולײ, צווישען 3 און 4 נאכמיטאג, וועט אויפגעדעקט ווערען די מצבה אויפ'ן קבר פון דעם פארשטארבענעם ארבייטער-דיכטער מארים ראזענפעלד. זיין קבר געפינט זיך אויף דער „מאונט כרמל סעמעטערי" פון ארבייטער רינג.

ביי דער געלעגענהייט וועלען דארט געהאלטען ווערען רעדען, און ש. יאנאווסקי, דער רעדאקטאר פון דער „גערעכטיגקייט", וועט זיין איינער פון די רעדנער.

די פריינד און פארעהרער פון דעם פארשטארבענעם דיכטער זיינען געבעטען צו קומען, און דערמיט אויסדריקען זייער פארעהרונג צום פארשטארבענעם דיכטער.

# וואס הערט זיך ביי די אינטערנעישאנאל לאקאלס אין שיקאגא?

פון מ. ביאלים.

ווען מען רעדט פון שיקאגא, דארף מען געוועהנליך ניט אויסלאזען דעם דרעס-מאכער סטרייק, וואס איז אין דער אמת'ן ניט נאר געווען א סטרייק נאר קען באטיטעלט ווערען אלס א „גערילא פייט", פון וועלכען די יוניאן האט אויסצושטעהן פון אלע מינים אנשיקעניישען, ווי אינדזשאנקשאנס, פאלים, געננסטערס א. אז. וו. נאר איך וויל איצט וועגען דעם ניט ריידען.

⁂

דער לעצטער ספרינג-סיזאן ביי די קלאוק-מאכער איז געווען ניט קיין שלעכטער. איך בין אבער זיכער, אז קיין מיליאנערען זיינען די קלאוקמאכער פון לעצטען סיזאן ניט געווארען. זיי האבען אבער פארדינט גענוג אויף אפצוצאהלען א ביסעל חובות, וואס זיי זיינען שולדיג געווען. עס וואלט שוין געווען גוט, איז אבער אנגעקומען דער סלעק-סיזאן, ווי אין פרעה'ס חלום די זיבען מאגערע קיה, וואס האבען אויפגעפרעסען די זיבען פעטע קיה. עס זעהט זיך איצט ניט אן, אז עס איז אמאל געווען אזא זאך, ווי א גוטער ספרינג-סיזאן. די קלאוקמאכער געהען איינפאך ארום אהן ארבייט פאר וואכען.

נו, ווען עס איז ניטא קיין ארבייט, זוכט מען פלענער ווי צו פארבעסערען די לאגע. און איינער פון די פלענער איז — א „לייבאר ביורא".

קלאוקמאכער האבען קיין ארבייט ניט, קומט מען זיך צוזאמען אויפ'ן קארנער אדער אין די יוניאן-העדקווארטערס און מען ארגומענטירט און „מען רעדט גלאט אזוי; מען רעדט. אז עס וואלט נאך ניט געווען אזוי שווער צו קריגען א דזשאב, נאר וואס רען — עס זיינען דא „כאפערס", וועלכע פארכאפען די דזשאבס; „פייער לייט", וועלכע לעשען אפ דא א פאר וואכען, און לויפען ארויף אויף אן אנדער פלאץ אפלעשען א פאר וואכען. אזוי ארום קענען די שטילע מענשען ניט קריגען קיין דזשאב און זיי געהען ארום לעדיג.

נאטירליך האט דער דזשאינט באארד באשלאסען צו עטאבלירען א „לייבאר ביורא", וואו אלע ארבייטסלאזע זאלען זיך רעדזשיסטרירען און קריגען דזשאבס נאך דעם נעקסט.

ברודער מ. ראפאפארט, דער סעקרעטער פון דזשאינט באארד, איז באלד געווארען ביזי און איינגעפיהרט א לייבאר-ביורא מיט רעקארדס מיט אלעם וואס נויטינט זיך. די לעדיגגעהער האבען זיך רעדזשיסטרירט און, דאכט זיך, אלעס איז שוין גוט. זיינען אבער די שעפער פארמאכט און מען רופט ניט אין דער יוניאן פאר ארבייטער. האבען זיך באלד גענומען הערען אנדערע טענות אויפ'ן קארנער און אויף די לאקאל-מיטינגען. די לייבאר ביורא איז שולדיג אין אלע צרות! ווען ניט די לייבאר-ביורא, זיינען פאראן באקאנטע פארלייט און מאנופעקטשורערס, וואו אן ארבייטער קען געהן זוכען ארבייט, אבער די לייבער ביורא לאזט ניט. און דער דזשאינט באארד האט ערהאלטען א רעקאמענדאציע אויפצולייזען די ביורא. נו, איז אזוי געשטארבען די לייבאר-ביורא איידער זי האט געהאט א געלעגענהייט צו לעבען.

ווי איך פארשטעה, וועט איין לאקאל טרייען אנצוהאלטען די לייבאר-ביורא, און דאס איז לאקאל 59, די פינישערס. זייער עקזעקוטיווע האט באשלאסען צו עטאבלירען אן „אוט אוו וואירק" פאנד פאר זייערע מעמבערס, צו דעם צוועק האבען זיי פון זייער לאקאל טרעזשורי גענומען א שעהנע פאר טויזענד דאלאר אלס אנפאנג. די איבעריגע וועלען די מעמבערס אויפהאלטען. איך ווינש זיי מעהר ערפאלג ווי די אלגעמיינע ביורא האט געהאט.

⁂

וויים-פרעזידענט כ. פערלשטיין האט לעצטע וואך פאררופען א מיטינג פון דזשאינט באארד און אלע עקזעקוטיוועס, וואו ברודער פערלשטיין האט פארגעלעגט זעהר וויכטיגע רעקאמענדאציעס וועגען דעם נייעם אגרימענט, וואס וועט דארפען אין גיכען געשלאסען ווערען צווישען די שיקאגא'ר קלאוקמאכער און די מאנופעקטשורערס.

איינע פון ברודער פערלשטיין'ס רעקאמענדאציעס, וואס איז אנגענומען געווארען, איז צו מאכען א גענויע אונטער-

(שלוס אויף זייט 14).

# ערב סטרייק ביי די קלאוק-מאכער אין באלטימאר

(שלוס פון זייט 1).

זאגט פון דער ארבייטער, וועלכע האבען געוואגט פראטעסטירען געגען געוויסע אומגערעכטיגקייטען וואס קומען פאר אין דעם שאפ און די לייטע זיינען געקומען צו דער יוניאן מען זאל זיך פאר זיי אננעהמען... די געשיכטע האט ארויסגערופען אומצופרידענהייט אויך ביי די אנדערע ארבייטער פון דעם שאפ, און עס האט זיך גענומען רודערען דעם שאפ צו ארגאניזירען.

גלייכצייטיג איז אויך לעבעדיג געווארען צווישען די ארבייטער וואס זיינען באשעפטיגט אין די „אוט אוו טאון" שאפעס, און די קלאוק שעפער וואס געפינען זיך ארום באלטימאר, און די יוניאן איז שטארק פארטומען, אויסנוצענדיג די לאגע צו פארשטארקען די ארגאניזאציע, צו ארגאניזירען די נאך ניט ארגאניזירטע קלאוקמאכער פון באלטימאר און אומגעגענד.

פאר דאנערשטאג אווענט, דעם 10טען דזשולאי, רופט די יוניאן א מאסמיטינג און עס ווערט ערווארטעט, דאס אחוץ די לאקאלע רעדנער זאל דער מאס-מיטינג אדרעסירט ווערען פון פרעזידענט זיגמאן, וויים-פרעזידענט האלפערין, וועלכע וועלען ספעציעל פאהרען אהין צו דעם מיטינג.

עס איז צו האפען, דאס דער מאס-מיטינג וועט זיין גוט באזוכט, און דאס די קלאוקמאכער וועלען נעהמען טאקע אויף אן אמת צו פארשטארקען זייער יוניאן. מיר זעהען ווירקליך ניט איין, ווארום די קלאוקמאכער פון באלטימאר קענען ניט זיין אזוי גוט ארגאניזירט ווי די קלאוקמאכער פון ניו יארק און פון נאך אנדערע קלאוק צענטערן. זיי קענען פון דעם א סך פראפיטירען און זיי דארפען מאכען אלע אנשטרענגונגען צו שאפען אין באלטימאר א 100 פראצענט יוניאן, וועלכע די באלעבאטים זאלען מעהר רעספעקטירען. עס איז אלזא מעגליך, דאס אויך אין באלטימאר זאל דארף קרעהרט ווערען א סטרייק פון קלאוקמאכער אום איינצושטעלען דארט א נייעם אגרימענט צווישען דער יוניאן און די באלעבאטים.

# די וויכטיגסטע שטעלען פון פרעז. זיגמאַנ׳ס רעדע פאַר גאַווערנאַר סמיטה׳ס קאָמיסיע

(שלום)

דזשענטעלמען, מיר דענקען, דאָס די ארבייטער אין דער אינדוסטריע זיינען פונקט אזוי וויכטיג און נויטיג, ווי די אַלע אַנדער׳ע עלעמענטען; זיי זיינען אזא נויטיגער און וויכטיגער עלעמענט ווי עס זיינען די דזשאָבערס, די מאַנופעקטשורערס, די סאַב־מאַנופעקטשורערס. — און דעריבער זיינען זיי פונקט אזוי גוט ווי יענע בארעכטיגט צו געניסען פון דעם וואָס די אינדוסטריע גיט. מיר ווילען מעהר ניט זיין א שפּילצייג אין די הענד פון די דזשאָבערס, זיי זאָלען זיך מיט אונז ארומוואַרפען, אין ביזי סיזאָן, ווי אין סלעק סיזאָן.

אונטער די איצטיגע באַדינגונגען קאָנען די דזשאָבערס אינדירעקט אויסשליסען די ארבייטער פון דער ארבייט ווען נאָר זיי ווילען, און זיי טוען עס טאָקע גאַנץ אָפט. זיי טוען עס אויף דעם פאָלגענדען אופן:

אין די פריהערדיגע צייטען, ווען די ארבייטער זיינען באַשעפטיגט געווען אין אן אינסייד שאַפּ, האָבען זיי געוואוסט, דאָס וויבאַלד זיי האָבען אין אנפאַנג סיזאָן אָפּגעשטעלט א פּרייז און זיך געזעצט ארבייטען אין א געוויסען שאַפּ, וועלען זיי שוין זיצען דאָרט אַמווייניגסטענס א גאַנצען סיזאָן.

איצט, אָבער, איז עס אַנדערש; אין אנפאַנג פון סיזאָן נעמט אָן דער דזשאָבער א געוויסע צאָל קאָנטראַקטאָרס אדער סאַב־מאַנופעקטשורערס, וועלכע זאָלען מאַכען איהם די ארבייט; די קאָנטראַקטאָרס נעמען אָן א געוויסע צאָל ארבייטער און מען פאַנגט אָן ארבייטען אויף דעם דזשאָבער׳ס אָרדער. דערווייל מאַכט זיך, דאָס א צווייטער קאָנטראַקטאָר קומט צו דעם דזשאָבער פרעגען פאַר ארבייט: ציינט ער איהם א פאַרטיגען גאַרמענט וואָס דער ערשטער קאָנטראַקטאָר מאַכט פאַר איהם און ער פרעגט ביים צווייטען, וואָס עס דאַרף קאָסטען אזא גאַרמענט אויסצומאַכען, און טאָמער פאַסירט עס, דאָס דער צווייטער קאָנטראַקטאָר פאַרלאַנגט מיט א קוואָדער ביליגער אויף א גאַרמענט, סטאָפּט דער דזשאָבער שיקען זיין ארבייט צום ערשטען קאָנטראַקטאָר, ער גיט זי ראָן אַוועק צום צווייטען.

וואָס איז דער רעזולטאַט? די ארבייטער פון דעם ערשטען קאָנטראַקטאָר ווערען אזוינאַך אויסגעשלאָסען פון דער ארבייט, אָהן א דין און אָהן א משפּט! היינט ווי קאָן מען לעבען, ווי קאָן דער ארבייטער זיכער זיין מיט זיין דזשאָב, ווען אין דער אינדוסטריע קומט פאָר אזא מין הפקרות, אזא מין אומפאַראַנטוואָרטליכקייט?

אגב פיהרט עס אויך ארונטער די ארבייטס־סטאַנדאַרדס. מאַנכע פון די קאָנטראַקטאָרס וואָס ווילען ניט פאַרלירען דעם דזשאָבער, שטימען איין ארונטערצולאָזען פון פּרייז, כדי ניט צו דערלאָזען, אז א צווייטער קאָנטראַקטאָר זאָל ביי איהם צונעמען דעם דזשאָבער, און ער זוכט מיט אַלע מיטעל ארויסצוקריגען די ארבייט ביליגער געמאַכט. דאָס באַשאַפט אין דער אינדוסטריע א נאַרנעלשניידענדע קאָנקורענץ, א קאָנקורענץ וואָס דעמאָראַליזירט די גאַנצע אינדוסטריע.

דזשענטעלמען, די פאַרשטעהער פון די פּראָטעקטיוו און אויך פון די דזשאָבערס, האָבען אַליין צוגעגעבען, אז דער איצטיגער צושטאַנד אין דער אינדוסטריע איז נישט קיין געזונטער. זיי האָבען אָבער געזוכט ארויפצוואַרפען די שולד אויף דער יוניאָן; זיי האָבען געזוכט צו מאַכען דעם פאַלשען איינדרוק, אז דאָס איז דערפאַר, ווייל די יוניאָן איז צו שטרענג. אָבער די יוניאָן האָט דאָך פון זיי קיין מאָל ניט פאַרלאַנגט מעהר ווי זיי זאָלען אָפּהיטען דעם אַנ־

פאַרשווינדען פון דער קלאָוק־אינדוסטריע, אזוי אז עס זאָל גאָר זיין אונמעגליך פאַר איינעם צו ארבייטען אין אזעלכע שעפּער, ווען ער זאָל אפילו וועלען.

עס איז ווינשענסווערט, אז דער אַנקומענדער סעזאָן זאָל געפינען אַלעס אָרגאַניזירט אין דער בעסטער אָרדנונג, כדי די ארבייטער זאָלען אי גאַרניט פאַרלירען דורך דעם סטרייק, און אי פיל, פיל געווינען.

אָבער, כדי דער סטרייק זאָל זיך ענדיגען וואָס שנעלער, מוזען אַלע סטרייקער זיין אמת׳ע סטרייקער. זייער גאַנצע צייט, זייער גאַנצע ענערגיע מוזען זיי אָפּגעבען אין דעם קאַמף. מיט אַלע זייערע כחות מוזען זיי העלפען זייער אויסערוועהלטער פיהרערשאַפט, און מיט אַלע זייערע כחות מוזען זיי באַקעמפען די, וועלכע וועלען שטערען דער אויספיהרונג פון דעם קאַמף אונטער די פּרעטענזיעס פון אַלערליי אידעאַלען, און דורך אַלערליי פאַרלוימדונגען אויף זייערע פיהרער.

זאָלען זיי געדענקען, אז די דאָזיגע מענשען מיט די גרויסע מיילער זיינען מעהרסטענס גאַנץ פּשוט׳ע סקעב־אַגענטען, וועלכע ווערען דאָס בעסער באַלוינט, וואָס מעהר בלינדע ווערקצייג זיי קענען אַנווייזען. דאָס זיינען די גיפטיגע שלאַנגען, וואָס צישען אין די פוס־טריט פון אונזער ארבייטער־באַוועגונג. זיי מוזען צוטראָטען ווערען פון די באַוואוסטזיניגע ארבייטער אין זייער גרויסען מאַרש צו זייער גרעסטען זיג אין דער געשיכטע פון זייער יוניאָן.

**געהאַלטען אין אַלדערמאַניק טשיימבער פון סיטי האָל, דעם 26טען יוני, 1924.**

רימענט וואָס זיי האָבען איינן אונטערגעשריבען! האָט דען די יוניאָן פאַרלאַנגט פון זיי עפּעס וואָס דער אגרימענט האָט ניט אין זיך? סו וואָס הייסט עס, מען איז געווען מיט זיי צו שטרענג? סיידען יענע העי׳ען שרייבען אונטער אן אגרימענט בתחילה מיט דער אבזיכט עס ניט צו האַלטען.

אַנדערע ווידער האָבען באַהויפּטעט דאָס געגענטייל, אז די סטענדאַרדס זיינען געפאַלען ווייל די יוניאָן האָט ניט גענוג אייפּגעפּאַסט. ווי געפעלט אייך אזא ווידערשפּרוך? איין מאַנופעקטשורער זאָגט אז די יוניאָן איז צו שטרענג; און א צווייטער זאָגט, אז די יוניאָן האָט נישט אייפּגעפּאַסט. אָבער ווי קען מען אויפהאַלטען די ארבייטס־סטאַנדאַרדס, ווען די דזשאָבערס טראָגען זיך ארום מיט זייער ראָל וואָרע פון איין קאָנטראַקטאָר צו א צווייטען זוכען וואו מען קען קריגען געמאַכט דעם גאַרמענט מיט א קוואָדער, אדער 50 סענט ביליגער? דאָס איז א נאַרנעל שניידענדע קאָנקורענץ וואָס מוז אָפּגעשטעלט ווערען. און טאָקע דערפאַר שלאָגען מיר פאָר, עס זאָל באַשרענקט ווערען די צאָל קאָנטראַקטאָרס וואָס א דזשאָבער זאָל באַשעפטיגען. דאָס וואָלט געמאַכט אז אַמווייניגסטענס אין מיטען סיזאָן זאָל דער דזשאָבער ניט ארומלויפען מיט זיין ראָל וואָרע פון איין שאַפּ אין א צווייטען און שניידען די פּרייזען אויף דער ארבייט.

אין אונזער אגרימענט האָבען מיר א פונקט, אז די ארבייט דאַרף פאַרטיילט ווערען גלייך צווישען אַלע ארבייטער אין שאַפּ. אָבער אום די ארבייט זאָל ווירקליך געטיילט ווערען גלייך צו אַלע ארבייטער אין דער אינדוסטריע, מוז מען פריהער איינפיהרען די באַשרענקונג פון קאָנטראַקטאָרס. ווי קען מען פאַרטיילען די ארבייט גלייך צווישען אַלע ארבייטער, ווען היינט גיט ער די ארבייט אין איין שאַפּ און מאָרגען אין א צווייטען? אונטער דעם איצטיגען צושטאַנד אין דער קלאָוק אינדוסטריע איז עס כמעט אונמעגליך.

אין איינקלאַנג מיט דעם דאַרף נאָך געזאָגט ווערען, עפּעס אין באַצוג דעם „ווערטען פּובליקום".

יעדעס מאָל ווען מיר האָבען א שטרייט מיט אונזערע באַלעבאַטים, מאַכען זיי דעם אנשטעל, דאָס זיי, אונזערע באַלעבאַטים, זיינען אויסען מעהר די טובה פון פּובליקום ווי זייער אייגענע. איך זאָג, אז דאָס איז ניט אמת. איך באַהויפּט, אז נאָך קיין מאָל פריהער איז דער צוטרויען פון קויפער אזוי ניט מיסברויכט געוואָרען ווי אין די לעצטע עטליכע יאָהר. דאָס ווערט געטאָן אויף פאַרשיידענע אופנים. דאָס ווערט אפשר ניט אין גאַנצען געטאָן אבזיכטליך אָבער עס ווערט געטאָן. דאָס ווערט געטאָן, ווייל די אינדוסטריע ווערט שלעכט פאַרוואַלטעט.

עס זיינען דאָ אין אונזער אינדוסטריע צופיל שעפּער. דאָס איז געטריבען געוואָרען ביז צו אבסורדיטעט. עס זיינען אַנגעפּלאָדיעט געוואָרען א מאַסע קליינע שאַפּקעס. אין מאַנכע פון די שאַפּקעס ווערען באַשעפטיגט ארום 15—18 ארבייטער. און אין יעדער פון די שאַפּקעס זיינען דאָ צוויי אדער דריי באַלעבאַטים, די מענעדזשערס פון דער שאַפּקע. און דאָס איז דאָך דער גרעסטער אונזין און א געלד־פאַרשווענדונג! איין גוטער פאַרמאַן קען אין אונזער אינדוסטריע אויפפּאַסען אויף 75, און אפשר נאָך מעהר ארבייטער. 2 פאַרלייט קענען גאַנץ גוט האָבען אויפזיכט איבער א קלאָוק־פעקטאָרי, אין וועלכער עס זאָל באַשעפטיגט ווערען צווישען 150 און 200 ארבייטער. איצטער האָבען יעדע 15 ארבייטער איבער זיך א צוויי־דריי פאַרטייען, צי מענעדזשערס, אדער באַלעבאַטים, וואָס מאַכט עס אויס ווי זיי רופען זיך? און אונטער אַט דעם קראַנגערינגען צושטאַנד ארבייטען איצט ארום 80 פּראָצענט ארבייטער פון דער קלאָוק־אינדוסטריע. אחוץ דעם וואָס אזא סיסטעם איז לעכערליך, איז עס דאָך אויך זעהר פאַרשווענדעריש. און אַז די ארבייטער אַי דאָס פּובליקום ליידען פון דעם. דאָס פּובליקום און די ארבייטער באַצאָהלען פאַר די אַלע מענעדזשערס, וואָס האָבען זיך אנגעזעצט אויף דער אינדוסטריע.

אַט דער גאַנצער כאַאָס אין אונזער אינדוסטריע, דזשענטעלמען פון דער קאָמיסיע, אַט דער העכסט משוגע׳נער סיסטעם איז געשאַפען געוואָרען דורך דעם וואָס די דזשאָבערס ווילען ניט נעהמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט וואָס ארבייטס־געבער דאַרפען אויף זיך נעהמען.

דעם דזשאָבער געהט אָן נאָר צו קריגען געמאַכט די ארבייט וואָס ביליגער. ווי די ארבייט ווערט אויסגעמאַכט, אַרט איהם ניט. וואָס ביליגער ער צאָהלט פאַר אויסמאַכען א גאַרמענט, אלץ ערגער ווערט דער גאַרמענט געמאַכט. דער רעזולטאַט איז, דאָס די גאַרמענטס ווערען אויפגעשטעלט ווי עס איז. פון אויבען־אויף איז גלאַטיג געמאַכט, אָבער אינוועניג איז צרות. פון אויבען איז ער פאַרטריכט מיט פאַר און עמבראָידערי, אָבער די ריכטיגע ארבייט פעהלט דאָרט, כאָטש די קאָסטמער צאָהלען פאַר די גאַרמענטס א הויכען פּרייז. ווען מען טראָגט אזא גאַרמענט עטליכע וואָכען ווערט עס א שמאַטע, כאָטש מאַנכע פון די גאַרמענטס ווערען געמאַכט פון גוטע וואָרע. די דזשאָבערס ווייסען דאָס אזוי גוט ווי מיר, אָבער זיי אַרט עס ניט. וואָס געהט עס זיי אָן? די אָפּגענאַרטע זיינען די ארבייטער און די קאָסטאָמער. די ארבייטער האָבען ניט קיין שולד אין דעם, וואָס די גאַרמענטס ווערען אויפגעבאַטשט אַנשטאָט אויפגענעהט.

מאַנכע פון די, וואָס האָבען גערעדט קעגען דער יוניאָן, האָבען זיך אויסגעדריקט, אז די ארבייטער „סאָלדזשערען אין די דזשאָב". דאָס זיי ווילען ניט ארבייטען. דאָס איז ניט אמת! איך דענק, דאָס אונטער די איצטיגע אומשטענדען אין דער אינדוסטריע שטרענגען זיי זיך אָן איבער זייערע כחות, כאָטש זיי זיינען קיינמאָל ניט זיכער מיט זייער ארבייט וואו זיי ארבייטען; כאָטש זיי ארבייטען אונטער אזא אומזיכערען צושטאַנד, דאַרף מען ווייס ניט היינט יאָהר עס וועט זיין מאָרגען.

די קלאָוקמאַכער באַטראַכטען די קלאָוק־אינדוסטריע פאַר׳ן איינציגען טרייד, פון וועלכען זיי דאַרפען שטענדיג מאַכען א לעבען. זיי זיינען אנגעוויזען צו מאַכען א לעבען פון דער אינדוסטריע ווי לאַנג זיי זיינען אימשטאַנד צו ארבייטען. עס איז דעריבער אין אונזער אינטערעס צו זעהן, אז די אינדוסטריע זאָל זיך געפינען אין א גוטען און געזונטען צושטאַנד. און ווען די באַלעבאַטים וואָלטען געדענקט אזוי ווי מיר דענקען, וואָלט מען געקענט א סך אויפטאָן די לאַגע צייט צו פאַרבעסערען. די צרה אָבער איז, וואָס מאַנכע פון זיי קוקען אויף דער קלאָוק־אינדוסטריע ווי אויף א דערווייליגען געשעפט; וואָס מאַנכע פון זיי האַלטען זיך אין דער אינדוסטריע נאָר אזוי לאַנג ווי זיי קלייבען אָן גענוג געלד צו אונטערנעהמען עפּעס אן אַנדער געשעפט. וואָס נעהם זיי אָן דער וואוילזיין פון דער אינדוסטריע? זאָל געדיט זיין אן איהר צוקונפט? די ארבייטער אָבער קענען ניט בייטען זייער פאַך און מיר מוזען איבער טראַכטען יענעס פאַרבעסערונגען, עס זאָל פאַר זיי מעגליך זיין צו מאַכען א לעבען.

אונזער מיינונג איז, דאָס די קלאָוק־אינדוסטריע איז רייך גענוג און איז אימשטאַנד, אז די ארבייטער זאָלען קענען מאַכען א לעבען, ווי זיי זיינען צו דעם בארעכטיגט.

אונזער אינדוסטריע איז פונקט אזוי וויכטיג ווי אַלע אַנדערע אינדוסטריען אין לאַנד. די פרויען נויטיגען זיך אין די קליידער וואָס אונזערע ארבייטער מאַכען. מיר מאַכען די קליידער פאַר אַלע פרויען, פאַר די רייכע ווי פאַר די אָרימע, און מיר פילען אויס א וויכטיגע פונקציע אין דער געזעלשאַפט, און וואָס מיר פאַרלאַנגען צו מאַכען אַן אנשטענדיגען לעבען, זיינען מיר צו דעם פאָלשטענדיג בארעכטיגט.

מיר פאַרלאַנגען, אז אין דער אינדוסטריע זאָל געשאַפען ווערען א בעסערער און געזונטערער צושטאַנד; אז די ארבייטער, וואָס זיינען אין איהר באַשעפטיגט, זאָלען געזיכערט זיין צו מאַכען א לעבען. מיר ווילען צוריק איינשטעלען אן אגרימענט אין טרייד און מיר ווילען עס זאָל געשאַפען ווערען א מאַשינעריע אויף אויסצוגלייכען די סכסוכים, וואָס קומען כסדר פאָר אין די שעפּער.

מיט איין וואָרט, מיר ווילען איינשטעלען אָרדנונג אין דער אינדוסטריע אויף דעם אָרט פון דעם איצטיגען כאַאָס און מיר האָפען, אז איהר, דזשענטעלמען פון דער קאָמיסיע, וועט אונז העלפען שאַפען די נויטיגע אָרדנונג אין דער קלאָוק־אינדוסטריע.

## פּערעלע׳ס אויגען

פון י. אדלער.

פּערעלע׳ס אויגען — צוויי זונען אין זיי.
צוויי זונען, וואָס האָבען חלומות געשפּינען:
חלומות פון יוגענד וואָס זיינען צורונען,
צוגאַנגען ווי שניי...

צוויי אידישע אויגען און גאָלדענע האָר,
וואָס זיינען ווי זוניגע ליכטיגע שטראַלען
געקרויזטע, באַ׳חנ׳טע, ארונטערגעפאַלען —
אין אַלט זעכצעהן יאָהר.

געהייסען האָט פּערל, די אידישע רויז,
איז שבת און יום טוב מיט מיר געגאַנגען.
אין וואַלד אומשפּאַצירט אין געהערט דאָרט געזאַנגען,
געבראַכט איהר אין הויז.

דערצעהלען פלעגט פּערל איהר מאַמעניו, באַלד
ווי פרעהליך די פויגעלאַך שטיפען און זינגען,
ווי שבת׳דיג זייערע זמר׳לאַך קלינגען,
ווי גוט ס׳איז אין וואַלד.

ווי ס׳שלאָפט דאָרט א טייבעל פאַר׳חהכ׳ט אין גלאָט,
ווי ס׳רוישען די סאָסנעס און ווערען אנשוויגען,
און קוסטעס מיט טאָלינעס ווינען זיך, וויגען,
ווי ס׳שאַרכעט א בלאָט...

איהר מאַמע פלעגט זיצען אין קליידער פון זייד
און פּערעלען קושען און פּערעלען גלעטען,
און טענה׳ען מיט ליבשאַפט און האַרצענדיג בעטען:
„פאַרקריך נישט צו ווייט"...

נו, בין איך געבליבען אָהן פּערלען אַליין...
זי האָט מיר אויף מאָרגען א בריוועל געשריבען:
„מיין מאַמעניו, זאָגט מיר איך זאָל דיך נישט ליבען
און איך זיץ און וויין"...



GERECHTIGKEIT
A Jewish Labor Weekly
Published every Friday by the International Ladies' Garment Workers' Union
Office 3 West 16th St., New York, N. Y.
MORRIS SIGMAN, President — S. YANOFSKY, Editor.
A. BAROFF, Sec'y-Treas. — H. SCHOOLMAN, Business Manager
Subscription price paid in advance: $1.00 per year
Vol. VI. No. 28. — New York, Friday, July 11, 1924.
Entered as Second Class matter April 16, 1920, at the Postoffice at New York, N. Y., under the act of August 24, 1912.
Acceptance for mailing at special rate of postage provided for in section 1103, Act of October 3, 1917, authorized on January 25, 1919

# דער קלאוקמאכער סטרייק

חשוב, שעהן און גרויס איז יעדער קאמף פון אינטערדריקטע געגען זייערע אונטערדריקער, פון די אין שטייב־געטראטענע געגען די, וועלכע האבען דורך געוואלד און אלערליי שווינדעל געמאכט זיך פאר זייערע הארען.

אזא קאמף פילט אן מיט באגייסטערונג די הארץ פון יעדען, וואס דענקט און פיהלט, אז א לעבען אהן פרייהייט איז אונווירדיג, און איז ניט ווערט אנגערופען צו ווערען מיט דעם נאמען לעבען.

אזא קאמף איז דער זיכערסטער אנזאג, דאס מענשען די אונטערדריקטע פון פרייהייט און די שענערע פון לעבען נאך אין פארנעהמען דעם אייבערשטען, אבער זייער שטונדע האט געשלאגען; באריה, באלד און זיי וועלען מוזען אפראנחען; אפראנקען מיט נוטען, אויב זיי וועלען האבען געגען שכל; נוז מיט בייזען, אויב עס וועט אנדערש ניט געהן.

יעדער קאמף פארערט מיט, און מיט איז איבער געוועזן די גרויסע קראפט וואס האט געבראכט דעם מענשען אלץ העכער און העכער אין זיין עלטווייקלונג פון חיה צו מענש.

יעדער קאמף פארערט דעם כח פון אויפאפפערונג; פון אויפאפפערן דאס מאמענטאנע פאר עטוואס וואס איז בעסער, שעהנער אין דער צוקונפט.

יעדער קאמף פארערט א גרויסע מאס פון אויסדויער־קראפט; פון בלייבען פעסט און ענטשלאסען, אונטער די ערגסטע שוועריגקייטען.

יעדער קאמף פארערט די פארזינקונג פון איינעמס פערזענליכע קליינליכע אינטערעסען אין די אינטערעסען פון דעם כלל.

יעדער קאמף פארערט ארויס די גרויסע אייגענשאפטען פון לאיאליטעט, פון סאלידאריטעט, פון פיהלען זיך אלס דער רינגעלע פון איין גרויסער קייט, און ניט אלס עטוואס פאר זיך.

דערפאר איז היילים דער קאמף. דערפאר איז דער האמף נאך אלץ פון דער גרעסטער באדייטונג אין דעם איצטיגען לעבען.

מענשען האבען דורך זייער גייסטיגער ענטוויקלונג זיך אויסגעלערענט צו ליידען שעהנע, גרויסע ווערטער.

אבער שעהן, ווי עס זיינען די ווערטער, צום האנדלען, צו האמף, צו איינשטעלען זיך פאר דאס שעהנע און דאס גוטע, קומט עס ניט. ערשט דורך דעם גרויסען העלדישען קאמף קריגט דאס שעהנע ווארט זיין תיקון, זיין רעכטפערטיגונג.

* * *

50 טויזענד קלאוקמאכער זיינען ארויס אין קאמף. געבענשט זאלען זיי זיין. זיי האבען דערמיט דעמאנסטרירט זייער סאלידאריטעט, זייער באוואוסטזיניגקייט, זייער לאיאליטעט צו זייער גרויסער ארגאניזאציע.

א יוניאן קען לעבען א לאנגע צייט און אויסטאן פיל גוטעס פאר איהרע מיטגלידער אהן א האמף. אבער אין אזא עקזיסטענץ ווייזט זיך ניט ארויס קלאר איהר כאראקטער. ווארים עס זיינען דא פילע ארגאניזאציעס, ניט קיין יוניאנס, וואס ברענגען געוויסע נוצען זייערע מיטגלידער אויף פארשיידענע אופנים. דער אמת'ער כאראקטער פון אן ארבייטער־יוניאן ווייזט זיך ערשט ארויס אין איהר קאמפס־פעהיגקייט. און, ווען עס קומט די צייט, ווען א קאמף איז נויטיג, ווען נאר דורך קאמף קען אפגעשאפט ווערען א געוויסער גרויסער איבעל, ערשט דאן זעהט מען, צי דאס איז אן אמת'ע ארבייטער־יוניאן, א יוניאן מיליטאנט, מיט א גרויסען ציל, וואס זאל איהר באגייסטערן צום קאמף, אדער דאס איז בלויז אן ארגאניזאציע פון קליינע פראקטיישע מענשען, וואס האבען אין זינען בלויז זייערע פערזענליכע נוצען, און ווייזען זיך ארויס קליין, שרעקעדיג און נישטיג, ווען עס שלאגט די שטונדע פון קאמף, און ווען דער קליינער פערזענליכער אינטערעס טרעט אפ און מוז אפטרעטען זיין פלאץ דעם אידעאל.

* * *

געבענשט זאלען זיין די 50 טויזענט קלאוקמאכער אין זייער איצטיגען גרויסען האמף, דער גרעסטער, וואס זיי האבען אמאל אויסגעקעמפט; דער קאמף, וואס נעהם מאכען ווירקליך א סוף צו דעם סוועטינג־סיסטעם; דער קאמף, וועמעס גרויסע אויפגאבע עס איז צו פארשיטען איינמאל פאר אלע מאל דעם שרעקליכען זומפ, אויף וועלכען די גאנצע קלאוק־אינדוסטריע איז געוועזען געבויט, און צוליב וואס זי האט אימער געליטען פון אלערליי קראנקהייטען. דער סאמע פונדאמענט איז געווען דער קוואל פון אלערליי פעסטען און כאליערעס, וועלכע האבען חרוב געמאכט די קלאוק־אינדוסטריע און כמעט ווי צו נארנים געמאכט די גרעסטע אנשטרענגונגען פון די ארבייטער אין זייער קאמף פאר א בעסערען מענשליכערען לעבען.

דער איצטיגער קאמף באצוועקט די פארניכטונג פון דעם דאזיגען פוילען פונדאמענט, און דאס אויפבויען אויף זיין פלאץ א געזונטען, א שטארקען. אזוי, דאס עס זאל נעהמען א סוף צו די פארשיידענע קראנקהייטען, געגען וועלכע די ארגאניזאציע האט זיך אזוי העלדיש געוועהרט, כאטש זעהר זעלטען מיט א גרויסען ערפאלג.

* * *

דער איצטיגער קאמף פון די 50 טויזענד קלאוקמאכער איז גאנץ אנדערש, ווי אלע פריהעריגע אין איין גרויסען וויכטיגען פרט. אלע אויסגעמאכטע קעמפע זיינען געפיהרט געווארען, אום צו דערגרייכען א געוויסען ציל, אין דעם געשטאלט פון א צוזאג, פון אן אגרימענט פון דער זייט פון די בעלי בתים מיט דער יוניאן. דער איצטיגער קאמף ווערט געפיהרט, אום צו מאכען פאלשטענדיג א זיג, וואס איז שוין דורך אונזער פיהרערשאפט אויסגעפיהרט געווארען — אויפ'ן פאפיר.

* * *

גרויס איז דער אויסגעפיהרטער זיג. וואס ווייטער, וועט אלץ מעהר און מעהר אנערקענט ווערען דער גרויסער זיג, וואס די יוניאן האט געוואונען דורך די סטראטעגיק פון איהרע פיהרער אויף דער פרידליכער קאנפערענץ, דורך דער ענטשיידונג פון דער גאווערנאר־קאמיסיע. באטראכט נאר: מענשען, וועלכע האבען, לויט זייער פראפעסיעס, לויט זייער סביבה, א גאנץ קנאפע פארשטענדניס פאר דעם ארבייטער, זיינע נויטען און זיינע קעמפע, האבען, אויספארשענדיג גרינדליך די צושטענדע אין דער קלאוק־אינדוסטריע, געמוזט צוגעבען, אז אונזער יוניאן איז פאלשטענדיג גערעכט. דאס איז א גרויסער מאראלישער זיג, וואס קיינע שונאים פון דער יוניאן, רויטע און שווארצע און אלערליי אנדערע שווארץ־יאהרען, קענען ניט אויף דאס מינדעסטע פארקלענערען. דאס גרעסטע און דאס שטאלצער זיינען מיר מיט דעם דאזיגען זיג, ווייל אין דעם פאל האט זיך ניט געהאנדעלט אזוי וועגען דעם, ווי צו קריגען מער'ן בעל־מלאכה העכערע שכירות, קירצערע שטונדען, וויכטיג ווי עס זיינען די דאזיגע פאדערונגען, נאר עס האט זיך געהאנדעלט אום נאך פיל וויכטיגערעס, אום די אנערקענונג, אז די יוניאן איז א פאקטאר אין דער אינדוסטריע, און אז די יוניאן האט א רעכט צו זאגען א דעה, און א גרויסע דעה, ווי די אינדוסטריע זאל ארגאניזירט ווערען. נאך קיינמאל איז דער געדאנק פון דעמאקראטיע אין דער אינדוסטריע ניט ארויסגעזאגט געווארען אזוי קלאר, ווי אין דער ענטשיידונג פון דער גאווערנאר־קאמיסיע.

גרויס, אומגעהייער וויכטיג איז דער מאראלישער זיג פון דער יוניאן. אבער דער מאראלישער זיג, כדי ער זאל זיין א פאלקאממענער זיג פאר די ארבייטער, מוז ווערען א ווירקליכקייט. און דערצו איז נויטיג דער קאמף, דער דזשענעראל סטרייק, דער סטרייק, אום צו רעארגאניזירען די גאנצע קלאוק־אינדוסטריע אויף א נייעם, געזונטען פונדאמענט.

* * *

און מיט א געפיהל פון אמת'ען שטאלץ אין דער גרעסטער צופרידענהייט זאל עס פאר־צייכענט ווערען, אז דינסטאג, דעם אכטען יולי, 1924, 10 אוהר אין דער פריה, האבען 50 טויזענט קלאוקמאכער, אלע ווי איין מאן, אויף דעם בלויזען רוף פון זייער יוניאן פארלאזען זייערע שעפער, און פארביטען זיי אויף זייערע קאמף־פלעצער, ווער אין די זאלס, ווער אין פיקעט־ליין, ווער ביי אנדערע ארבייטען, וועלכע אלע צוזאמען מוזען פיהרען צו איין ציל, צו דער רעארגאניזאציע פון דער קלאוק־אינדוסטריע אין ניו יארק, און יע, אין דעם גאנצען לאנד, אויף א גאנץ אנדערען און אויף א גאנץ נייעם פונדאמענט, ווי ביז איצט.

* * *

אין וואס באשטעהט דער הויפט־ציל פון דעם דאזיגען רעארגאניזיישאן־סטרייק אין גאנץ קלארע ווערטער? אט אין וואס:

1. צו מאכען א סוף צו די טויזענדע קליינע שאפעס, וואס האבען זיך אזוי צעוואקסען אין דער קלאוק־אינדוסטריע, און אויף זייער פלאץ צו האבען העכסטענס טויזענד אדער 12 הונדערט שעפער, גרויסע, שעהנע, געזונטע יוניאן־שעפער, וואו די גאנצע קלאוק־ארבייט זאל און קען פארטיג געמאכט ווערען.

2. קיינע פארשטעלענישען מעהר אונטער פארשיידענע נעמען פון דער זייט פון די בעלי בתים. אלע, וואס ציהען זייערע פראפיטען פון דער ארבייט פון די קלאוקמאכער, קענען ניט מעהר, אונטער אלערליי פרעטענזיעס, זיך באפרייען פון די התחייבות'ען פון באס צום ארבייטער. דער סטרייק באצוועקט, אז סיי דער באס, וואס רופט זיך מאנופעקטשורער, און סיי דער באס, וואס רופט זיך דזשאבער, זיינען ביידע גלייך פאראנטווארטליך צו די ארבייטער, וואס מאכען פאר זיי די ארבייט, און דאס כדי צו ברענגען די דאזיגע פארפליכטונגען אויס; פאפיר אין די ווירקליכקייט זיינען די 50 טויזענד קלאוקמאכער ארויס אין קאמף. אזוי ווי זיי וואלטען געוואלט זאגען: עס איז גאט־געלויבט גאנץ שעהן, וואס די דזשאבערס האבען ענדליך איינגעזעהן. אבער דאס איז נאך פאר אונז ניט גענוג. מיר ווילען עס זעהן דורכגעפיהרט באלד אין דער פראקטיק, און דערפאר קעמפען מיר.

3. פאר דער צייט פון סוירעניש אין אונזער אינדוסטריע האט עס נאך אנדערש ניט געקענט פאסירען, ווי דאס פילע ארבייטער, עהרליכע גוטע ארבייטער, זיינען פארפעסטעט געווארען. דורך אלערליי טריקס האבען זיי זיך געלאזט איינרעדען פון די „פראפיטירס" אין דער אינדוסטריע צו מאכען זיך כלומרשט פאר באסעלאך, און אזוי ארום זיינען זיי געווארען די וועלקציין פון דער שענדליכסטער עקספלואטאציע.

זיינען מאמע פילע פון זיי שוין געקומען צו דער איבערצייגונג, ווי שענדליך זיי זיינען אפגענארט געווארען, און זיי זיינען באריים אוועקצוואוואפען די פרעטענזיע פון כלומרשטיגע באסעס, און צוריק אריינגעהן אין די רייהען פון די שטאלצע ארבייטער. אבער ניט אלע פון די דאזיגע ערענגרע וועלקציין, קליינע באסעס בלעך, פיהלען אזוי. זיי זיינען פון דעם מיקראב פון באסיזם אזוי פארגיפטעט געווארען, דאס אפילו איצט, אין זייער גאנצער ערנידריגונג, זעהען זיי ניט די שאנד פון זייער קלעגליכער ראליע, וואס זיי מוזען שפילען אין דער אינדוסטריע. געגען זיי וועט מוזען אנגעפיהרט ווערען דער גרויסער קאמף. זיי וועט מען מוזען מאכען דערפיהלען, דאס זייער ראליע אין דער קלאוק־אינדוסטריע האט זיך געענדיגט פאר איבער און אייביג; דאס קיינמאל, קיינמאל וועט ניט זיין מעהר קיין פלאץ פאר זיי.

4. אין דער דאזיגער צייט פון סוירעניש אין קאמפעטיציע זיינען, ליידער, אויך פילע ארבייטער, וואס האבען געארבייט פאר די דאזיגע וועלקציין פון אונזערע פראפיטירס, שטארק קאליע געווארען. זיי האבען געהערט צו דער יוניאן נאר לפנים, אבער ניט מיט'ן הארצען, ניט מיט זייער פארשטאנד. זיי האבען ניט געזעהן דעם גרויסען שאדען פאר זיך און פאר זייער יוניאן, ווען זיי האבען איינגעוויליגט צו ארבייטען געגען די יוניאן־רולס, אבי זיי האבען פאר א צייט געקענט מיט שווערע מיה „מאכען א לעבען". זיי האבען, פארשפארט אין זייערע פינסטערע טויזענדע לעכער, וואו די קלאוק־אינדוסטריע האט געפונען איהר נעסט, געטאן אלעס, וואס אמת'ע יוניאן־לייט טארען ניט טאן, און אזוי ארום האבען זיי געשטערט דער יוניאן אין איהרע שטארקסטע אנשטרענגונגען. אויך געגען זיי וועט מוזען געפיהרט ווערען דער גרויסער קאמף. זיי וועלען מוזען געבראכט ווערען אין די רייהען פון דער יוניאן אלס איהרע אמת'ע, לאיאלע מעמבערס, אדער זיי וועלען מוזען איינגאנצען פארלאזען די אינדוסטריע. ארבייטער, וואס זיינען בלויז יוניאן־לייט מיט די ליפען, און ניט מיט'ן גאנצען הארצען; וועלען אין דער אינדוסטריע מעהר ניט געדולדעט ווערען.

5. און עס וועט מוזען איינגעשטעלט ווערען די נייע ארדנונג. אבער כדי דאס זאל געטאן ווערען מיט א מאלק און גרינדליך, מוז די יוניאן אין דעם איצטיגען קאמף האבען אלע אונטער איהר וואכזאמען אויג. עס מוז געמאכט ווערען די גרויסע מעמבער־צעהלונג פון די ארבייטער, אזוי דאס יעדער ארבייטער זאל קענען פארנעהמען זיין פלאץ אין דעם אדער יענעם יוניאן־שאפ, מיט אלע פאדערונגען, וואס ווערען געשטעלט צו א יוניאן־שאפ, און זאל בשום אופן ניט קענען בלייבען ארבייטען אין די אונצעהליגע שאפעלאך, וועלכע האבען אזוי פארפאסקודיעט די קלאוק־אינדוסטריע, און אלע, וועלכע זיינען געווען אין איהר באשעפטיגט.

* * *

דאס איז די גרויסע אויפגאבע פון דעם דזשענעראל סטרייק, וואס האט זיך אנגעפאנגען דעם 8טען דזשוליי. פון דעם שטאנדפונקט באטראכט מיינט דער איצטיגער סטרייק פיל מעהר, ווי אלע סטרייקס, גרויס און וויכטיג ווי זיי זיינען געווען, וואס די קלאוקמאכער־יוניאן האט אנגעפיהרט. אלע ביז איצטיגע סטרייקס זיינען אויסגעמאכטען געווארען אין די גרענעצען פון דאס עקזיסטירענדע. אין אנדערע ווערטער: אין אלע פריהעריגע סטרייקס האט מען געקעמפט מעהר געגען די פאלגען, ווי געגען די אורזאכע פון די פאלגען. דערפאר גרויס ווי עס זיינען געווען די אנשטרענגונגען, איז אבער א גרויסער טייל אוועק אין גיוועץ. נעהמט, למשל, אונזער גרויסען אויפטו פאר די איינפיהרונג פון דער סיסטעם פון וואך־ארבייט. איז דאך וואך־ארבייט אין פארגלייך מיט דעם סיסטעם פון שטיק־ארבייט אן אמת'ע ברכה, אבער אויף דעם עקזיסטירענדען פארפוילטען פונדאמענט איז די וואך־ארבייט געווען פון קנאפער הילף. און אזא מזל האבען געהאט פילע אנדערע גוטע איינפיהרונגען. אויף א פוילען פונדאמענט קען קיין גוטעס ניט געדייהען לאנג. דער איצטיגער קאמף צילט צו דער אויסראטונג פון דעם סאמע ווארצעל פון אלע איבלען, און דערפאר איז דער סטרייק, ווען ער ווערט פארשטאנען נאר ריכטיג, אן אמת'ע רעוואלוציע אין דער קלאוק־אינדוסטריע. די דזשאבערס פארשטעהען עס, און דערפאר האבען זיי זיך אזוי לאנג געוועהרט. בלויז די אויסערסטע נויט, בלויז די געוויסהייט, דאס ווען זיי בלייבען פאר'עקשנ'ט, ווערען זיי איינגאנצען ארויסגעטריבען פון דער קלאוק־אינדוסטריע, האט ענדליך געצוואונגען זיי אנצונעהמען די ענטשיידונג פון דער גאווערנאר־קאמיסיע. מיר זיינען זיכער, אז דעם דאזיגען גרויסען רעוואלוציאניזירענדען כאראקטער פון דעם איצטיגען קאמף פארשטעהט אונזער מעמבערשיפ, און דערפאר וועלען זיי דאס מאל קעמפען נאך שטארקער און געטרייער, נאך איבערגעבענער, ווי אין אלע פריהעריגע קעמפע, וועלכע זיינען די גלאריע פון דער גרויסער מעכטיגער קלאוקמאכער־יוניאן.

* * *

לאמיר אונזער גרויסע מעמבערשיפ אויפמערקזאם מאכען אויף נאך איין פונקט, כאטש עס קען זיין, אז פאר די גרויסע מאיאריטעט איז עס איבעריג, ווייל ער איז גאנץ זעלבסט־פארשטענדליך.

עס איז ווינשענסווערט, אז דער דאזיגער סטרייק זאל וואס ווענינער געדויערען, וואס דאס מיינט, אז אלע אונזערע בעלי מלאכות זאלען וואס גיכער געפינען זייערע פלעצער אין די גרויסע, סאניטארע יוניאן־שעפער, וואו עס זאלען ארבייטען נים ווענינער, ווי 14 אפערייטארס, און צו זיי די אלע אנדערע נויטיגע ארבייטער, אום פארטיג צו מאכען א גאנצע שטיק ארבייט.

עס איז ווינשענסווערט, אז די פארשיידענע קלאוק־שאפעס זאלען וואס גיכער

# דער קאמף פאר אינדאסטריעלער דעמאקראטיע

פון דר. הערמאן פראנק.

די גרויסע ענדערונגען אין די באציהונגען צווישען ארבייט און קאפיטאל פאר די לעצטע 6—7 יאהר, וועלכע ווארפען זיך אין די אויגען דעם עקאנאמיסט אזוי גוט ווי דעם דענקענדען ארבייטער, קענען אלע אנגערופען ווערען מיט איין נאמען: די שטרעבונג צו אינדוסטריעלער דעמאקראטיע. דער באוואוסטזיין פון די ארבייטער טאר ניט אפשטעהן פון דער דאזיגער פאקטישער לאגע. די גרויסע באדייטונג, ווי אויך די געזעצען פון דער ענטוויקלונג פון די אינדוסטריעלע באציהונגען קען מען אבער פארשטעהן ערשט דאן, ווען מ'ווערט באקאנט מיט דער געשיכטע פון דער פאליטישער דעמאקראטיע — א וויסענשאפט, וואס איז נאך יונג און וועניג פארשפרייט צווישען דער באוואוסטזיניגער ארבייטערשאפט.

די שטענדיגע פאדערונגען פון די בירגער, אז די געזעצען, וועלכע רעגולירען די באציהונגען צווישען דעם אבסאלוטען הערשער און דעם פאלק, זאלען פארשריבען ווערען „שווארץ אויף ווייס", איז דער שארפסטער אויסדרוק פון עהנליכקייט צווישען דער ענטוויקלונג פון דער דעמאקראטיע אין דעם שטאאט און אין דער אינדוסטריע. די דאזיגע פאדערונג פיהרט צו גלייכע פאלגען אין דער הערשאפטס־סיסטעם אין שטאאט ווי אין דער אינדוסטריע. דער אפמאך מעג זיין אויסגעקריצט אויף א שטיין, ווי דאס איז געווען דער פאל אין די אוראלטע צייטען, אדער אנגעשריבען אויף פארמעט, ווי אין דער „מאגנא קארטא" פון ענגלישען קעניג דזשאהן פון 14טען יאהרהונדערט, אדער פארצייכענט ווערען אין אן אגרימענט צווישען דעם אונטערנעהמער און דער טרייד יוניאן — אין גרונד איז דאס אלץ די זעלבינע זאך. דער צוועק איז שטענדיג דער גלייכער — אוועקשטעלען דעם הערשער אונטער א געזעץ, דורך וועלכען די באהערשטע קענען איהם איינהאלטען אין באשטימטע גרענעצען, ווען ער מאכט א פארזוך צו הערשען ווי ס'פארגלוסט זיך איהם, ווי ס'וואלט זיין א הפקר־וועלט, לית דין ולית דיין. אט אזוי ווערען ארגאניזירט טיילען פון פאלק און קריגען א גרויסע מאכט אין דער געזעלשאפט און דער קאמף געהט אן ביז יעדער דערוואקסענער מענש ווערט א פול־בארעכטיגטער בירגער פון שטאאט.

די גאנצע טרייד־יוניאן באוועגונג איז נאר א מיטעל צו באגרענעצען די הפקרות פון די פאקטישע הערשער פון דער געזעלשאפט, די אונטערנעהמער, און איינפיהרען פולע גלייכהייט אין די בירגערליכע רעכט. קאפיטאליסטישע אונטערנעהמער, ד. ה. די שערהאלדערס פון א קארפאריישאן, געניסען פון דער פולער פרייהייט פון אסאסיאיישאן און פון קאלעקטיוו בארגיינינג. וואס איז אזוינס דער באארד אוו דירעקטארס פון א קארפאריישאן, אויב ניט די פארשטעהערשאפט פון די צעהנדליגער און אמאל הונדערטער אדער טויזענדער פון די שערהאלדערס? די יוניאן איז די זעלבע פארשטעהערשאפט פון די ארבייטער, וועלכע קענען ניט אונטערהאנדלען איינציגווייז, פונקט ווי יעדער שערהאלדער קען ניט נעהמען אנטייל אין דער מענעדזשמענט.

דורך דער ארבייטער־פארטרעטונג, ד. ה. דורך דער יוניאן, ווערט באשאפען די קאנסטיטוציאנעלע ארגאניזאציע פון דער אינדוסטריע, וועלכע וועט בלייבען ביי יעדער ווירטשאפטליכער ארדנונג. קאמוניזם, סינדיקאליזם אדער קאאפעראטיווע אינדוסטריע — אלע מוזען זיך אנשטויסען אויף דעם טרייד־אגרימענט, אלס דעם פונדאמענט פון דעם אינדוסטריעלען אויפבוי. אין סאוועט־רוסלאנד עקזיסטירען די יוניאנס פונקט ווי אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער און שטעלען ארויס פאדערונגען צו די רעגירונגס־אנשטאלטען. די שטרעבונג צו דער אינדוסטריעלער דעמאקראטיע איז אלזא אן אלגעמיינע באוועגונג, וועלכע געפינט זיך נאך ביים אנהויב פון א לאנגען און שווערען וועג.

די הערשאפט פון דעם אונטערנעהמער־קלאס איז שטארק באגרענעצט געווארען דורך דער אינדוסטריעלער קאנסטיטוציע — דעם טרייד אגרימענט. ס'איז אלזא דא א גרויסע עהנליכקייט צווישען דער קאנסטיטוציע אין פאליטיקס און דעם טרייד־אגרימענט אין דער אינדוסטריע. די עהנליכקייט געהט אבער נאך פיל ווייטער, ווי מיר וועלען דאס באלד זעהן אויף צוויי־דריי ביישפילען.

דער קאמף פון די פעלקער פאר פאליטישע דעמאקראטיע האט איבעראל געפיהרט צו דער באשאפונג פון א קאנסטיטוציאנעלער רעגירונגס־פארם, אין וועלכער א קערפערשאפט פון געזעצליכע פארשטעהער נעהמט איבער פון קעניג זיינע וויכטיגסטע פונקציעס, די געזעצגעבונג און אדמיניסטראציע. ניט שטענדיג אבער איז א קאנסטיטוציאנעלע רעגירונג אויך דעמאקראטיש; ס'קען געמאלט זיין, אז א קאנסטיטוציאנערס לאנד זאל האבען נאר אן אריסטאקראטישע רעגירונגס־פארם. דאס איז געווען אמאל אין פוילען, ווען דארט האט געהערשט די שלאכטע, ד. ה. דער פריווילעגירטער פריצים־קלאס. באקאנט זיינען אויך פאלען, ווען דער הערשער פאראייניגט זיך מיט א קליקע קארומפירטע פאליטישענס און זיי גנבענען בשותפות אויס דאס גאנצע פאלק. דאס איז די אזוי גערופענע אליגארכיע, מיט וועלכער ס'האט זיך אויסגעצייכענט די רוימישע מלוכה אין די לעצטע 300—400 יאהר פון איהר עקזיסטענץ.

די אריסטאקראטישע סיסטעם קען אויך האבען אן ארט אין דער יוניאן־באוועגונג, אויב נאר א קלייגער טייל פון אלע ארבייטער איז ארגאניזירט. געוועהנליך, דאס קומט פאר דאן, ווען נאר די קוואליפיצירטע ארבייטער (די סקילד לייבארערס) שליסען אפ דעם אגרימענט און די מעהרהייט פון די ארבייטער פון טרייד — די ניט־קוואליפיצירטע און האלב־קוואליפיצירטע ארבייטער — בלייבען ניט ארגאניזירט. שטארקע אונטערנעהמער פלעגען ניט זעלטען אויסנוצען די דאזיגע אונארגאניזירטע עלעמענטען נעגען דער יוניאן און איינפיהרען אויף דאס ניי זייער הפקר'דיגע הערשאפט. דאס איז פארגעקומען אין דער אמעריקאנער שטאהל־אינדוסטריע, ווען די אפמאכען מיט דער יוניאן פון די סקילד מעקאניקס זיינען געבראכען געווארען און די אונארגאניזירטע ארבייטער פלעגען אויסגענוצט ווערען אונטער דער אנפיהרונג פון די פארלייט אויסצופיהרען די ארבייט פון די סטרייקער.

אין דער פאליטישער געשיכטע זיינען באקאנט פאלען, ווען די מאנארכען האבען צוגעווארפען א ביינדעל די ברייטע מאסען פון פאלק און געגעבען זיי פאליטישע רעכט אין זעהר א באשיידענער מאס. דאס פלעגט געשעהן אין די צייטען פון קאמף צווישען דעם אבסאלוטען מאנארך און דעם אדעל־שטאנד, און דער קעניג האט געזוכט צו געווינען די אונטערשטיצונג פון פאלק. די דאזיגע פרייהייטען פלעגען ניט האבען קיין קיום און האבען מעהר גענוצט דעם קעניג ווי דעם פאלק. ביסלאכווייז זיינען די פאלקס־רעכט אינגאנצען פארגעסען געווארען. ערשט דאן ווען דער קעניג איז שטארק געווארען און זיין שווערע לאפע האט זיך געלאזט שפירען אויף יעדען שריט און טריט, פלעגט זיך דאס פאלק דערמאנען אן די אמאליגע פרייהייטען און זיי אויסקעמפען אין אויפשטאנדען און רעוואלוציעס.

אן עהנליכע ערשיינונג זעהען מיר אין דער אינדוסטריע. אין דער לעצטער צייט איז צווישען די מאנופעקטשורערס פארשפרייט געווארען א באוועגונג צו באשאפען די אזוי גערופענע קאמפאניע־יוניאנס, וועלכע טראגען אויך דעם נאמען שאפ־קאמיטעס, אינדאסטריעל קאונסילס וכדומה. דורך דעם ווילען די קאפיטאליסטען, וואס האלטען זיך ביים פרינציפ פון אפען־שאפ, צושטערען די מאכט פון דער יוניאן. ווי ס'האט זיך אבער ארויסגעשטעלט אין דער פראקטיק, האבען זיך די אונטערנעהמער שטארק אפגענארט און די שאפ־קאמיטע איז נאר א שטויס אז די ארבייטער זאלען זיך ארגאניזירען אין א יוניאן, וועלכע איז פיל שטארקער און ווירקזאמער פאר דער שאפ־קאמיטע. די יוניאנס ווייזען שטענדיג אן אויף דעם פאקט, אז נאר די ערציהונג, וועלכע דער ארבייטער קריגט אין דער יוניאן־באוועגונג, קען זיין א גוטע צוגרייטונג צו דער שאפ־קאמיטע. שוין דאס אליין, וואס די אונטערנעהמער ווילען באשאפען אייגענע יוניאנס באווייזט קלאר, אז דער געדאנק פון אן ארבייטער־ארגאניזאציע, די אידעע פון א קאנסטיטוציאנעלען שאפ, האט געלאזט טיפע ווארצלען אין די מוחות פון די ארבייטער־מאסען. די קאפיטאליסטען ווילען נאר קאנטראלירען די באוועגונג דורך דעם, וואס זיי ווארפען אליין צו די ארבייטער א קאנסטיטוציע. אבער די דאזיגע שאפ־קאמיטעס זיינען א דורכפאל פונקט אזוי ווי די דעמאקראטיע, וואס קומט פון אויבען, בלייבט אונווירקזאם, ווייל זי מוז אויסגעקעמפט ווערען פון פאלק, ארויסוואקסענדיג אויף א נאטירליכען וועג פון אונטען.

די הערשאפט פון דעם אונטערנעהמער־קלאס איז דורך דער אינדוסטריעלער דעמאקראטיע באגרענעצט געווארען דורך דעם טרייד־אגרימענט, וועלכער ווערט אנגענומען דורך א הסכמה פון די אונטערנעהמער און די ארבייטער. דאס דערמאנט אן דעם פאליטישען פארלאמענט, ווען יעדער געזעץ דארף דורכגעהן ביידע הייזער — דעם רעפרעזענטאנטען־הויז און סענאט — כדי אריינצוטרעטען אין קראפט. די „אויבערשטע הויז" איז אין דער מאדערנער אינדוסטריע די ארגאניזאציע פון די אונטערנעהמער, און די פאליטישע פארטרעטונג, די הויז אוו רעפרעזענטאטיוס, איז די ארגאניזאציע פון דער ארבייטערשאפט, דער יוניאן.

חוץ דער געזעצגעבערישער פונקציע נעהמט ארום די פאליטישע דעמאקראטיע אויך די אדמיניסטראטיווע און געריכטליכע פונקציעס. די יורידישע פונקציע איז אויך דער וויכטיגסטער טייל פון דעם טרייד־אגרימענט, ד. ה. פון דער אינדוסטריעלער קאנסטיטוציע, ווייל אהן דעם ריכטיגען געריכט צווישען ביידע צדדים קענען די אפמאכען ניט ווערען ווירקזאם אין לעבען. פריהער פלעגט די געריכטליכע פונקציע אין דער אינדוסטריע אויסגעפיהרט ווערען דורך ארביטריישאן. דאס מיינט א ברירה־געריכט פון זייטיגע עלעמענטען, וואס קענען ניט דעם טרייד. און דאס קען ניט זיין דער בעסטער וועג צו אן אויסגלייך ביי אינדוסטריעלע קאנפליקטען. דעריבער ווערט די באדייטונג פון ארביטריישאן אלץ קלענער אין די לעצטע יאהרען.

פיל בעסער איז די יורידישע מאשינעריע, וועלכע איז באשאפען געווארען אין אמעריקא אין דער לעצטער צייט, ווען דער אויסגלייך קומט פאר אין א קערפערשאפט, וואס באשטעהט פון די פארטרעטער פון ביידע צדדים אין א גלייכער צאהל און פון אן אומפארטייאישען טשערמאן. ס'מוז דערביי אנגעוויזען ווערען, אז די שניידער־יוניאנס זיינען געווען די ערשטע איינצופיהרען די דאזיגע סיסטעם אין דער אמעריקאנער יוניאן־באוועגונג. דאס איז א גאנץ גרויסער אויפטו פאר דעם אינדוסטריעלען פראגרעס אין לאנד, ווייל אויך אלע אנדערע יוניאנס מוזען איבערנעהמען די דאזיגע סיסטעם, וועלכע האט געהאט די בעסטע פאלגען אין שניידער־טרייד. נאר דורך אזא סיסטעם קען די קאנסטיטוציע און די געזעצען פון טרייד ריכטיג אויסגעטייטשט ווערען און אנגעווענדעט ווערען צו באשטימטע פאלען פון דער פראקטיק. דורך דעם ווערט באשאפען א מין סטאטוט־בוך פון דער אינדוסטריע, א קאד רעקס פון די געזעצען צו רעגולירען די אינדוסטריעלע באציהונגען. דאס איז אבער פונקט אזוי וויכטיג פאר דער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריעלער דעמאקראטיע, ווי די אויסארבייטונג פון די פרייהייטליכע בירגערליכע געזעצען, פון קאמאן לאא, איז געווען וויכטיג פאר דער ענטוויקלונג פון דער פאליטישער דעמאקראטיע.

איינער פון די באדייטענדסטע שריט אויף דעם לאנגען וועג צו דער אינדוסטריעלער דעמאקראטיע איז געמאכט געווארען אין די לעצטע יאהרען דורך דער איניציאטיוו פון דעם ארגאניזירטען קלאדהינג־טרייד, און דאס דארף צוגעבען די נארמענט וואירקערס א פרישען מוט אין זייער ווייטערדיגען קאמף.

---

די צוקונפט מיט אבסאלוטע זיכערהייט און אהן מורא." דאס זיינען שעהנע ווערטער, שעהנע סענטימענטען. אבער, ווי אזוי דאס אויסצופיהרען אונטער די אומשטענדען, דאס איז די גרויסע פראגע.

---

מר עלמקר, אין די „מיימי", האט ווירקליך א גוטען פארשלאג פאר די דעמאקראטען, וואס קענען ניט צווישען זיך מושוה ווערען אין נאמינירען ז י י ע ר ע ן קאנדידאט פאר פרעזידענט. ער ראט זיי צו נאמינירען קולידזש'ן, מיט דעם תנאי, אז ער זאל אויך די דעמאקראטען צולאזען צו דער קארעטע. בנאמנות, א גוטע עצה. ווארים, מיט וואס אונטערשיידט זיך דען קולידזש פון די אלע אנדערע „פערד", וואס לויפען אויף דער דעמאקראטישער קאנווענשאן? און ווען ער זאל נאר צוזאגען זיי א פלאץ ביי דער קארעטע, דארפען זיי דען עפעס מעהר?

---

## ווען מען קומט צוריק

(פעליעטאן)

פון לעבעדיגען.

דאס בעסטע פון „וואקיישאן" נעהמען איז ניט די „וואקיישאן" אליין נאר דאס קומען צוריק פון „וואקיישאן".

די קאנטרי לערענט אויס מענשען א סך גוטע און מענשליכע זאכען, וועלכע קומען נאכדעם גוט צוניץ.

ערשטענס: פאראן מענשען, וועלכע האבען ביז דער קאנטרי א קארט אין האנד ניט גענומען. (עס זיינען נאך דא אזעלכע אויך...). אדער זיי זיינען געווען פרינציפיעלע געגנער פון קארטען, אדער זיי האבען סתם קיין צייט ניט געהאט פאר דעם. אין קאנטרי אבער לערנען זיי זיך אויס שפילען.

אויב דער מענש האט ניט געשפילט צוליב דעם וואס ער האט ניט געהאט קיין צייט — נו, איז אין קאנטרי האט ער דאך גענוג צייט, צופיל צייט, און ער הויבט אן שפילען.

און אויב ער איז פון די „פרינציפיעלע געגנער", ברעכט מען אין קאנטרי זיינע פרינציפען. עס געפינען זיך שוין אגיטאטארס און קארטען - פרעדיגער, וועלכע נעהמען זיך באקעהרען דעם דאזיגען „קארטען־פרוש" צו דער קארטען־רעליגיאן...

מען ווירקט אויף איהם דורך פארשיידענע מיטלען: ערשטענס, ס'איז דאך אייך אזוי אומעטיג. צווייטענס, אז מען טאר ניט אפשטעהן פון חברה. אין קאנטרי זיינען דאך אלע איין משפחה...

דריטענס, פעהלט א „האנד", און ווי קען מען עס לאזען מענשען אזוי פייניגען? עס איז דאך פשוט א פארברעכען!

קורץ: מען ווירקט, און דער ניט־שפילער ווערט א שפילער. און אפט ווערט פון אזא „נאוואבראנעץ" אן ערשטע קלאס געמבלער...

איז דאס אייך ווענען קארטען. איצט קומט דער ענין שעהמעוודינקייט, צוריקגעשטאנענקייט. אויך אין דעם פרט היילט אויס די קאנטרי. קומט אן א צוריקגעהאלטענער בחור'ל אדער מיידעל, א שעהמעוודינע יונגע באשעפעניש, — נעהמט חברה איהם קורירען, מחנך זיין, ערציהען...

דערהויפט צייכענען זיך אויס אין דעם די ווייבלאך. זיי זיינען די בעסטע לעהרער פון אזא צוריקגעשטאנענער יונגער.

און שעהן איז צו זעהן ווי אונטער דער ווירקונג פון דער קאנטרי ווערט א שעהמעוודיג מיידעל א גאנצע קאקעטקע און א יונג בחור'ל — א גאנצער דאן־זשואן...

די קאנטרי איז א גוטע שולע פאר שעהמעוודיגע נפשות.

איך האב אין קאנטרי בייגעוואוינט אזא בילד.

ס'איז אראפגעקומען אין האטעל א בחור'ל פון א יאהר 18—19, א שטילער, א שעהמעוודינער, א שווייגענדער. איז ער די ערשטע טעג געזעסען אויס'ן פארטש און זיך געדרויטעלט. אבער חברה ווייבער האבען באשלאסען איהם אריינצונעהמען אין די הענד, מאכען פון איהם א מאנזביל, צוליב פארשיידענע אורזאכען. ערשטענס, פשוט אויס מאנגעל אין מאנזבילען און, צווייטענס, צוליב הומאנע ערציהונגס צוועקען: ווי איז עס אזוי א מענש אפגעשטאנען? נו, האט מען איהם ביסלאכווייז גענומען מענשלען, איינלאדען אויף א שפאציר, זעצען איהם נאר צווישען מיידלאך. און נאכדעם האט מען איהם גענומען שלעפען טאנצען. הכלל: עס איז אוועק א וואך און מיין באטשיק איז געווארען א גאנצען „למדן": ער האט שוין געקושט מיידלאך, געזונגען אין כאר, געזאגט לייכטע וויצען — א גאנצער מאנזביל!...

און די ווייבער האבען נאר אנגעקוועלט פון זייער „ארבייט".

קורץ: די קאנטרי איז א ברכה פאר מענשען. און ווען מען קומט צוריק אין שטאדט, קומט מען שוין אן אנדערער, א רייפערער, א מעהר ציוויליזירטער: מען קען שפילען אין קארטען און מען שעהמט זיך ניט פאר פרויען.

היינט וואו איז דאס פרעסען, וואס מען לערענט זיך דארט אויס? דאס איז אויך עפעס ווערט. עס זיינען דא מענשען, וועלכע האבען ביז דער קאנטרי ניט געוואוסט) אז מען קען אזוי פרעסען. און ווען זיי קומען צוריק אין שטאדט ווילען זיי אנהאלטען זייערע קאנטרי „געוואוינהייטען" און זיי נעהמען זיך ערשט ריכטיג צום פרעסען. און דער סוף איז, אז מען מוז לויפען צו א מאגען־ספעציאליסט...

# דער נאטור-היסטארישער מוזעאום און זיין אויפגאבע

(א שפאציר איבער דעם מוזעאום)

פון ל. בארארולין.

## ווי אזוי מיקראבען פארשפרייטען קראנקהייטען.

דער „אמעריקאן מוזעאום אוו נייטשוראל היסטארי", וועגען וועלכען מיר האבען אנגעהויבען שרייבען אין דעם פארינען ארטיקעל און איבער וועלכען מיר וועלען איצטער מאכען דעם ערשטען שפאציר, איז איינער פון די וויכטיגסטע און איינער פון די אינטערעסאנטסטע וויסענשאפטליכע אינסטיטוטען אויף דער וועלט. איבערהויפט איז ער וויכטיג און אינטערעסאנט מיט יענע טיפיזינגע מיטלען און מעטאדען, דורך וועלכע ער פאפולאריזירט גאנץ קאמפליצירטע וויסענשאפטליכע פראבלעמען און מאכט זיי פארשטענדליך און באגרייפליך פאר יעדען איינעם; אפילו פאר מענשען וואס האבען ניט געהאט קיין וויסענשאפטליכע פארבארייטונג.

איך וויל דא דערציילען די געשיכטע פון א געוויסער אנשטעקענדיגער קראנקהייט, וואס ווערט אויף אזא איינפאכען און פאפולערען אופן ערקלערט פאר די באזוכער אין מוזעאום.

די קראנקהייט איז מאלאריא. עס איז אן אנשטעקענדע קראנקהייט און ווערט פאראורזאכט פון מיקראבען וואס כאפען זיך אריין אין בלוט און פארניכטען די רויטע קייקעלאך.

בלוט איז א דורכזיכטיגע פליסיגקייט, ווי וואסער, אין וועלכער עס שווימען ארום זעהר א סך קליינינקע רויטע קייקעלאך. מען קען זיך פארשטעלען ווי קליין די קייקעלאך זיינען ווען מען האט אין זינען, אז אין איין טראפען בלוט זיינען פאראן א צעהן-טויזענד מיליאן אזעלכע רויטע קייקעלאך. און אזוי ווי די קייקעלאך זיינען רויטע און זיינען פאראן זעהר פיל, דעריבער זעהט אויס דאס בלוט צו זיין רויט. די צאהל פון אט די רויטע קייקעלאך אין מענשליך בלוט מוז שטענדיג זיין די זעלבע. אויב זייער צאהל הויבט זיך אן פארקלענערען דורך איינער אדער א צווייטער אורזאך, ווערט דער מענש שוואך און בלאס, אדער געל; דערנאך ווערט ער קראנק; און אויב די צאהל פון די רויטע קייקעלאך ווערט שוין זעהר קליין, קען דער מענש פון דעם שטארבען.

די מיקראבען, וואס פאראורזאכען מאלאריא, דרינגען אריין אין די בלוטען פון מענשען און פארניכטען די רויטע קייקעלאך, און אין דעם באשטעהט די קראנקהייט, וועלכע מיר רופען מאלאריא, אדער מאלאריא פיבער. און אזוי ווי די קראנקהייט ווערט פאראורזאכט פון מיקראבען, דעריבער איז די קראנקהייט אן אנשטעקענדיגע; זי קען אריבערגעהן פון איין מענשען אויפ'ן צווייטען. אבער דא קומט די מערקווירדיגע ערשיינונג, וואס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר מאלאריא און געלען פיבער. ווען א געזונטער מענש זאל קומען אין באריהרונג מיט איינעם, וואס ליידט פון מאלאריא, ווען ער זאל מיט איהם שלאפען אין איין בעט, אדער עסען פון איין טעלער, אדער טראגען זיינע וועש — וועט זיך דער געזונטער מענש מיט דער קראנקהייט ניט אנשטעקען. פון א קראנקען מענשען צו א געזונטען קען די קראנקהייט אריבער נאר דורך דער פארמיטלערשאפט פון א געוויסען מין מאסקיטאס. ניט יעדען מין מאסקיטאס, נאר איין געוויסען מין. די ראל פון דער מאסקיטא אין דער פארשפרייטונג פון מאלאריא איז א דאפעלטע; און דא וועלען מיר ערקלערען אין וואס די ראלע באשטעהט.

יעדער מין לעבעדיגע באשעפעניש באשטעהט פון צוויי געשלעכטען: מענערשער געשלעכט און ווייבליכער געשלעכט. כדי דער מין זאל זיך מעהרען איז נויטיג, אז דער מענערשער געשלעכט זאל מיט זיך באפרוכפערען דעם [illegible]כען געשלעכט. אזוי איז עס מיט אלע מינים לעבעדיגע באשעפענישען. אביסעל אנדערש איז עס מיט די מיקראבען. זיי מוזען אויך באפרוכפערען איינער דעם צווייטען, אבער ניט אין יעדען דור באזונדער. דער פראצעס פון באפרוכפערונג ביי די מיקראבען באשטעהט אין דעם, וואס דער „ער" מיקראב פאראייניגט זיך מיט דער „זי" מיקראב; ער גיסט זיך מיט איהר צוזאמען, און פון 2 מיקראבען ווערט איינער. און דערנאך קומט פאר דער פראצעס פון מעהרונג. און דער פראצעס פון מעהרונג ביי די מיקראבען איז אן איינפאכער: דער מיקראב צושפאלט זיך און עס ווערט פון איהם 2 מיקראבען. יעדער פון זיי צושפאלט זיך, און עס ווערען 4; דערנאך ווערען — 8, דערנאך 16 און אזוי ווייטער. אין א משך פון 24 שעה קענען זיך עטליכע מיקראבען, ביי גינסטיגע באדינגונגען, פארמעהרען אין א סך, א סך ביליאנען. ביסלעכווייז הערען זיי אויך צו מעהרען זיך. כדי זיי זאלען זיך ווייטער מעהרען איז נויטיג, אז א נייע באפרוכפערונג זאל פארקומען; נייע, פרישע בלוט זאל אין די צוקונפטיגע דורות איינגעשפריצט ווערען.

די באדינגונגען ביי וועלכע די מיקראבען, וואס פאראורזאכען מאלאריא, באפרוכפערען זיך און מעהרען זיך, זיינען ניט די זעלבע. מעהרען קענען זיי זיך אין די בלוטען פון מענשען און אייניגע מינים חיות; און באפרוכפערען זיך קענען זיי נאר אין די מאגענס פון יענעם מין מאסקיטאס וועגען וועלכען מיר האבען דא גערעדט.

די פארשפרייטונג פון מאלאריא (און געלען פיבער) קומט פאר אויף פאלגענדען אופן:

א מאסקיטא שטעלט זיך אויף דעם קערפער פון א מענשען וואס איז קראנק אויף מאלאריא און גיט איהם א ביס. זי מיינט ניט חלילה איהם שלעכטס צו טאן; זי וויל נאר ארויסזויגען פון איהם א טראפען בלוט, ווייל דאס איז איהר שפייז, דער קוואל פון איהר חיונה. צוזאמען מיט'ן בלוט זויגט זי אריין אין זיך א היבשע צאהל מיקראבען. אין איהר מאגען באפרוכפערען זיך די מיקראבען. דערנאך, אין א פאר טעג ארום, גיט די זעלבע מאסקיטא א ביס א געזונטען מענשען און עטליכע הונדערט אדער עטליכע טויזענט מיקראבען קומען אריין אין די בלוטען פון דעם געזונטען מענשען. און דאן קומט פאר פאלגענדעס:

יעדער מיקראב דרינגט אריין אין א באזונדער רויטער קייקעלע, הויבט אן צו שפייזען זיך מיט דעם מאטעריאל פון וועלכען דאס קייקעלע באשטעהט, און דאן הויבט ער זיך אן מעהרען. אין א קורצע צייט ווערט פון דעם איין מיקראב א 10—15 מיקראבען. זיי אלע צוזאמען עסען אויף דעם מאטעריאל, פון וועלכען דאס רויטע קייקעלע באשטעהט, אזוי אז פון קייקעלע בלייבט נאר א דין הייטעלע. דערנאך פלאצט דאס הייטעלע, און די 10—15 באפרייטע מיקראבען פארשפרייטען זיך איבער די בלוטען און יעדער פון זיי דרינגט אריין אין אן אנדער קייקעלע, און דער פראצעס ווידערהאלט זיך. דער פראצעס געהט אן זעהר שנעל, און די צאהל פון די רויטע קייקעלאך, וואס די מיקראבען עסען אויף, אדער פארניכטען, ווערט אלץ קלענער און קלענער. און אין דעם באשטעהט די קראנקהייט, וואס רופט זיך מאלאריא. א צווייטע, מעהר געפעהרליכע קראנקהייט, וואס ווערט פאראורזאכט פון מיקראבען אויף אן עהנליכען אופן, איז געלער פיבער.

איצטער לאמיר זעהן ווי אזוי אט די געשיכטע ווערט ערקלערט אדער פאפולאריזירט אין דעם מוזעאום.

אויף דעם ערשטען, אונטערשטען שטאק אין מוזעאום, אין דעם לעצטען זאל צו דער רעכטער האנט, געפינט זיך דער „דארווין האל". דארטען זיינען אויסגעשטעלט זאכען, וואס האבען א שייכות צו זאאלאגיע, ערבשאפט, עוואלוציע און אנדערע צווייגען פון ביאלאגיע. אין צענטער פון אט דעם זאל געפינען זיך די זאכען, וואס אילוסטרירען מאלאריא.

פריהער קומען די אייעלאך און אנדערע זאכען, וואס ציינען ווי אזוי די מאסקיטאס פארען זיך און מעהרען זיך אין די זומפען. די אייעלאך און די איבעריגע זאכען זיינען געמאכט געווארען פון וואקס און פארגרעסערט געווארען זעהר א סך מאל, אזוי אז אן אייעלע וואס איז אזוי קליין אז קוים וואס מען זעהט עס, איז דא פארגעשטעלט אין א וואקסענעם מאדעל וואס איז גרעסער ווי א ניס. דאס איז געמאכט געווארען כדי מענשען זאלען זיך קענען גרינגערליכער באקענען מיט די דעטאילען פון די אויסגעשטעלטע זאכען. דערנאך קומען די מאסקיטאס גופא. דא זיינען פאראן אי די אמת'ע מאסקיטאס, אי נאכגעמאכטע מאדעלען פון וואקס. דאס האט מען פשוט געכאפט עטליכע מאסקיטאס און זיי אויסגעטריקענט און ארויסגעזעצט אויף די שפיצען פון שפילקעס, כדי מען זאל זעהן ווי גרויס אדער ווי קליין זיי זיינען. דערנאך קומט דער וואקסענער מאדעל פון א מאסקיטא. דער מאדעל איז עטליכע פוס די לענג און שטעלט מיט זיך פאר א פארשטענדיגע קאפיע פון א לעבעדיגער מאסקיטא. יעדע קלענסטע דעטאל, יעדע קלענסטע הערעלע, יעדעס פינטעלע און יעדעס גריבעלע איז דא נאכגעמאכט געווארען. א קינסטלער האט אויף דעם מאדעל געארבייט איבער 2 יאהר צייט, און דער מאדעל שטעלט מיט זיך פאר א מערקווירדיגע שטיק ארבייט סיי פון וויסענשאפטליכען און סיי פון קינסטלערישען שטאנדפונקט. דערנאך קומט נאך אזא וואקסענער מאדעל פון א מאסקיטא, נאר צושניטען אויף דער העלפט אין דער לענג, כדי מען זאל קענען זעהן דעם מאגען, די קישקעס און אלע אינגעווייטען פון דער מאסקיטא.

דערנאך קומט די וויכטיגסטע גרופע זאכען. דא זעהט מען דעם וואקסענעם מאדעל פון א מאסקיטא־מאגען, וואו די מיקראבען באפרוכפערען זיך. אין דעם מאגען זעהט מען קליינינקע לענגליכע ווייסינקע פינטעלאך. דאס זיינען די מיקראבען. דערנאך קומען די מאדעלען פון די מיקראבען גופא. יעדער מיקראב איז אין דער ווירקליכקייט אזוי קליין, אז זעהן קען מען איהם דורך א מיקראסקאפ, דורך א פארגרעסערונג פון ארום טויזענד מאל. און די מאדעלען, וואס זיינען דא אויסגעשטעלט, זיינען גרויס ווי א ניסעל יעדער. דערנאך קומען די מאדעלען פון די רויטע קייקעלאך אין דעם מענשען'ס בלוט. יעדעס קייקעלע איז גרויס ווי א זילבערנער דאלאר. מען זעהט דא ווי א מיקראב האט זיך ארויפגעזעצט אויף א רויטע קייקעלע; דערנאך זעהט מען ווי דער מיקראב איז אריינגעדרונגען אינוועניג אין דעם קייקעלע; דערנאך זעהט מען ווי די מיקראבען האלטען זיך ביסלעכווייז אין מעהרען; דערנאך זעהט מען ווי פון קייקעלע איז נאר געבליבען א דינע לעדערנע הייטעלע, און אינוועניג זיינען שוין דא א 10—15 נייע מיקראבען. דערנאך זעהט מען ווי דאס הייטעלע האט געפלאצט, און אויף דעם ארט, וואו פריהער איז געווען איין מיקראב, זיינען שוין איצטער פאראן איבער א טוצען נייע מיקראבען.

ווען מען באטראכט די אלע זאכען, וועלכע מיר האבען דא באשריבען, און מען לעזט איבער די אונטערשריפטען, הויבט מען אן האבען א באגריף וועגען דעם, ווי אזוי מיקראבען פאראורזאכען די קראנקהייט, וואס רופט זיך מאלאריא.

אט די אלע זאכען, וואס אילוסטרירען די פארשפרייטונג פון מאלאריא, — פונקט ווי אלע זאכען, וואס געפינען זיך אין מוזעאום, — האבען זעהר א גרויסע ערציהענדע און קולטורעלע באדייטונג. דער אופן ווי אנשטעקענדע קראנקהייטען פארשפרייטען זיך איז אזא, וואס וועקט אבערגלויבישע געפיהלען און געדאנקען. ניט זעהענדיג די מיקראבען און פיהלענדיג זייער ווירקונג, האבען מענשען געגלויבט, אז דא ווירקען געהיימע כחות, בייזע גייסטער, „שלעכטע אויגען" א. אז. וו. איצטער קומט די וויסענשאפט און צייגט, אז די געהיימע כחות זיינען גאנץ באשטימטע ארגאניזמען, וועלכע קענען באקעמפט ווערען דורך געוויסע, באשטימטע מיטלען. אט דעם געדאנק זוכט די וויסענשאפט צו פארשפרייטען און פאפולאריזירען צווישען די ברייטע מאסען פון דער באפעלקערונג דורך ביכער, בראשורען און ארטיקלען אין די זשורנאלען. די גרופע זאכען אין מוזעאום, וואס מיר האבען דא באשריבען, אילוסטרירען דעם געדאנק מיט זייער בילדליכקייט בעסער, ווי א בוך אדער א בראשורע. זיי העלפען באקעמפען אבערגלויבען ביי דער באפעלקערונג און לערנען זיי, אז יעדע ערשיינונג אין דער נאטור האט איהר באשטימטע און פאזיטיווע אורזאך. און אין דעם ליגט דאס גרויסע ווערט פון דער גרופע זאכען, וואס אילוסטרירען די פארשפרייטונג פון מאלאריא.

אין זעלבען מוזעאום איז פאראן נאך אן אפטיילונג, וואו עס ווערט געצייגט די ראלע פון מיקראבען אין אונזער לעבען. און וועגען דעם וועלען מיר רעדען אין נעקסטען ארטיקעל.

# איינדריקע פון יוניטי הויז אין פארעסט פארק

פון פאניא מ. קאהן.

מיר ווערען שנעל צוגעוואוינט צו דאס גוטע אין לעבען, אזוי גוט ווי צו דאס שלעכטע.

א סך ארבייטער, פרויען און מענער, באקלאגען זיך, אז זיי האבען א קנאפע געלעגענהייט צו געניסען אין לעבען דאס פארגעניגען פון א שעהנער היים, פון א שעהנער אומגעבונג פון דער מאדערנער צייט. אבער וויפיל פון יענע ארבייטער פארטראכטען זיך וועגען אונזער יוניטי ווילעדזש אין פארעסט פארק, אויף די „בלויע" בערג פון פענסילווייניא, וועגען דעם גאנצען פראכט וואס דארט געפינט זיך, און שטעהט צו דינסט פון די ארבייטער?

און וויפיל פון אונזערע מיטגלידער באנוצען דעם אויפטו פון די ווייסט און דרעסמאכער יוניאנס מיט דעם וואס זיי האבען געצייגט א ביישפיל פאר אלע אנדערע ארגאניזאציעס, וואס עס קען געטאן ווערען אויף א קאלעקטיווען אופן, שוין איצטער צו פארשענערען דאס לעבען? צו מאכען דאס לעבען מעהר אנגענעהם?

וועגען דעם האב איך געטראכט, ווען איך בין געווען אין פארעסט פארק, צו דער ערעפענונג פון דער יוניטי הויז, און האב נאך אמאל באטראכט דעם וואונדער שעהנעם פלאץ, וואס איז געשאפען געווארען פאר'ן פארגעניגען פון די מיטגלידער פון אונזער יוניאן.

אט שטעה איך ביי דעם שעהנעם „יוניטי לייק" און באטראכט די פילע פריש-אפגעפארבטע שיפלאך, און עס דערגרייכט צו מיר דער פרייליכער געלעכטער, און דאס לוסטיגע געזאנג פון די מענשען וואס האבען זיך אוועקגעלאזען אין די שיפלעך איבער'ן טייך. און אט זיץ איך מיט א פאר פריינד אונטער די הויכע, שטאלצע „פיין-טרים" אויף די לעקטשור „גראונדס" פון דער יוניטי הויז, וואו דער עולם הערט גוטע אינטערעסאנטע לעקטשורס. דאס אליין שאפט א גוטע שטימונג.

און אט זיינען מיר שוין ביי דער גרויסער, אפענער אייז-קרים ווערענדא, וואו מען זיצט ביי קליינע טישלאך און מען פארברענגט צווישען זיך. מען כאפט אונטער דאס הארץ מיט אן אייז-קרים פון דער יוניטי'ס אייגענער אייז-קרים פארלאר, וועלכע ווערט געפיהרט אויף א קאאפעראטיווען אופן, אזוי גוט ווי די גאנצע יוניטי הויז. אלץ ווערט געפיהרט נישט פאר פראפיט, נאר פאר'ן פארגעניגען פון די באזוכער.

⁂

מיר האט זיך געוואלט אויסגעפינען דעם סענטימענט פון אונזערע מיטגלידער וואס זיינען דארט געווען, עס האט זיך מיר געוואלט וויסען, וואס זיי דענקען וועגען דער יוניטי הויז, וואו זיי פארברענגען זייער וואקיישאן, און מיינט ניט, אז עס איז מיר אזוי לייכט אנגעקומען דאס אויסצוגעפינען. ווארים דער עולם זיצט דארט ניט אויף אן ארט, דער עולם איז צושפרייט אויף א שטח פון 750 אקער לאנד. ווער עס איז פארנומען אויף די „טעניס קאורטס", שפילענדיג אונטער דער אויפזיכט פון א „פיזיקעל טריינינג" לערער, און ווער עס פארברענגט זיך אין דער „באולינג עליי". ווער עס פארברענגט אין טאנץ-האל, זיך לערנענדיג טאנצען און ווער עס זיצט נאר אין דעם שעהנעם לייברערי-צימער און קוקט איבער די גרויסע צאהל פון די בעסטע ביכער, וואס דארט געפינט זיך, ביכער אין פארשידענע שפראכען.

אנדערע ווידער זיינען זיך געזעסען אויף די באקוועמע „ראקערס" אויף די פארטשעס, און גערעדט צווישען זיך. און נאך אנדערע זיינען זיך געלעגען, גאנצע גרופען, אויף דעם ווייכען, גרינעם גראז, און באטראכט די שעהנע לאנדשאפט, די „בלויע" בערג וואס זעהען זיך ארום, אריבערקוקענדיג דעם וואלד.

נאך אנדערע זיינען געזעסען ארום די שרייב-טישען, אין דעם „רעסעפשאן האל" און האבען געשריבען בריף אהיים, באשרייבענדיג ווי גוט זיי פארברענגען אין דער יוניטי הויז. און נאך אנדערע האבען זיך נאר אוועקגעלאזען „הייקען" איבער די וועגען פון זייער אייגענער יוניטי-אימעניע, וועלכע האט פריהער באלאנגט צו די רייכע, צום קאפיטאליסטען קלאס און קיין ארבייטער-פוס האט דארט ניט געטראטען.

נאטירליך, מאנכע פון דעם עולם האבען אויך ניט פארגעסען דעם טייך און האבען זיך געבאדען און געשוואוטען אין זיינע קלארע וואסערען.

איך האב אומגעוואנדערט פון ארט צו ארט, פון גרופע צו גרופע און האב זיך איינגעקוקט אין די פנים'ער פון אונזערע מיטגלידער, די פארשטעהער פון די אינטערנעשאנאל לאקאלס אין ניו יארק, וועלכע זיינען געקומען פייערען די ווידער-ערפענונג פון דער יוניטי הויז. איך האב געוואלט וויסען צי זיי באטרייטען, וואס די ארבייטער קענען אויפטאן דורך

# עקספּראָפּריאירט... א זשאנדארם!

(שלוס פון זייט 17).

מיט א ציטערינגן קול אויף אידיש א זאָג געטאָן:

— חברים, האָט רחמנות!

הערשעל דור'ס איז אויסגעשפּרונגען ווי א נעביסענער;

— גוואַלד, כ'אין דאך ישראל'קע שלאָסער!

ערשט דאן האָט זיך ארויסגעוויזען די גאנצע געשיכטע: ישראל'קע שלאָסער האָט געוואָלט פאַרכאַפּען די עקספּראָפּריאציע פאר זיין פּארטיי, האָט ער באַקומען אין אידישען טעאטער מלבושים פון א זשאנדארם — ער האָט עס געפונען פאר דעם בעסטען וועג דורכצופיהרען די עקספּראָפּריאציע — און האָט זיך אין וועג געלאָזען. די זאך איז איהם אָבער ניט געלונגען און ער איז אפילו שיער ניט געוואָרען א קרבן פון זיין גלענצענדען איינפאל.

דער „זשאנדארם" איז תיכף אפּגעבונדען געוואָרען, נדריה האָט איהם געגעבען עפּעס א סערמינע, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך אין וואָגען, און אלע צוזאמען זיינען פון אלעכנאָוויטש אפּגעפאָהרען אין מינסק מיט'ן ערשטען צוג.

און לאַנג נאָך האָט מען אין האָראָדאָק מיט פאַרגאַפונג און אין מינסק מיט געלעכטער געדערט וועגען דער געשיכטע, ווי אזוי כ'האָט ... עקספּראָפּריאירט א זשאנדארם!



## ווייסט איהר, אז

אויף דעם קאָנגרעס וואָס וועט יעצט פאָרקומען אין דער סאָוועטען רעגירונג אין מאָסקווא, האָט סטאַלין, איינער פון די העכסטע אויף דער שפּיצע פון דער רעגירונג פון סאָוועט רוסלאַנד, באַריכטעט וועגען דער מעמבערשיפּ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון רוסלאַנד? לויט די ציפערן האָט יעצט די פּאַרטיי א טאָטאַל מעמבערשיפּ פון 400,000 מענשען. פון וועלכע עס זיינען 40,000 אידישע. ווייסט איהר אז ווען איהר סמוקט א מ י ר א ד סיגארעט, וועט איהר פארשטעהן וואָרום אנדערע האָבען איינגעקליבען „מיראַד" אלס דעם בעסטען טערקישען סיגארעט אין דער וועלט? מיליאָנען וואָס סמוקען האָבען געטעסטעט צו טערקיש טאַבעקאָ ... עס מוז דארום זיין אן אורזאכע

# וואס הערט זיך ביי די אינטערנייישאנאל לא־קאלס אין שיקאגא?

(שריפט פון רייס ה)

זוכונג פון די פארדינסטען פון די הינע סלאוקמאכער דורך דעם יאהר. דאס וועט זעהר צונייץ קומען אין די פאר־האנדלונגען מיט די בעלי בתים.

⁂

עס איז כדאי צו באמערקען, אז די הינע קלאוקמאכער פארגען נאך זעהר אויפמערקזאם די יעצטיגע פאסירונגען אין דער קלאוקמאכער יוניאן אין ניו יארק. מיר פארשטעהען, אז דער יעצ־טיגער צושטאנד פון דער קלאוק־אינדוס־טריע אין ניו יארק טוט ניט נאר שאדען דער ניו יארקער קלאוקמאכער יוניאן אליין, נאר טוט אן שאדען אין יעדען צענטער, וואו קלאוקס ווערען געמאכט. מיר פארשטעהען אויך, אז די נייע פאר־הערונגען, וואס די אינטערנעשאנאל וויל דורכפיהרען אין ניו יארק, וועט זיין צו גונסטען פון אלע קלאוקמאכער איבער'ן גאנצען לאנד.

מיר ווינשען די ניו יארקער ברידער און שוועסטער גליק אין זייער איצטיגען קאמף. זייער קאמף איז אונזער קאמף.

⁂

לאקאל 18, דער פרעסער לאקאל, דאס געקראגען א גאסט — ברודער מייער בארענשטיין, דער געוועזענער טשערמאן פון לאקאל און אויך דער עקס־פרעזי־דענט פון דזשאינט באארד. ער האט זיך אומגעקעהרט צוריק אין שיקאגא נאכדעם ווי ער האט פארבראכט ארי־בער א יאהר אין די איסט.

איך האף, אז לאקאל 18 וועט א סך בענעפיטירען מיט דעם צוריקקומען פון ברודער ס. בארענשטיין.

⁂

די שיקאגא'ר ליידיס טיילארס און די רעינקאוט מאכער זיינען איצטער ניט בעסער אפ ווי די קלאוק און דרעס מא־כער. שיקאגא איז דעם זומער גע־בענשט מיט רעגען. עס געהט ניט אוועק א וואך עס זאל ניט רעגענען 2—3 טעג. די רעינקאוט מאכער האבען זיך אבער ניט מיט וואס צו פרעהען; רעגען איז טאקע דא גענוג, אבער קיין ארבייט ניט.

⁂

דער שיקאגא'ר דזשאינט באארד איז לייכער געווארען מיט נאך א לאקאל. אין דעם יעצטיגען דרעס־מאכער סטרייק האבען מיר געהאט א נייע ערשיינונג. די אידישע מיידלאך זיינען ניט געוועזען די איינציגע צו געהן אין געפאהר; זיי האבען געהאט גאנץ בראווע קאלעגען, און דאס זיינען געוועזען די פוילישע מייד־לאך. ווי אמת'ע העלדינען האבען די פוילישע מיידלאך געקעמפט אויף דער פיקעט־ליין, און אין אלגעמיין האבען זיך די פוילישע ארבייטער ארויסגעוויזען גאנץ טעטיג אין ארגאניזירען די נאך ניט ארגאניזירטע פוילישע ארביי־טער.

לעצטענס האבען זיי פארלאנגט אן אייגענעם לאקאל, וואו זיי זאלען זיך בעסער קענען צוזאמענרעדען. די אינ־טערנעשאנאל האט זייער פארלאנג באוויליגט און זיי געגעבען א טשארטער. זיי האבען באקומען דעם נומער 60.

ראנערשטאג אווענד, דעם 26טען דזשון, איז זייער לאקאל אפיציעל אינ־סטאלירט געווארען און איז געווארען א טייל פון דעם שיקאגא'ר דזשאינט באארד. אורטיילענדיג פון דער טעטיג־קייט פון זייערע מעמבערס, זיינען מיר זיכער, אז דער לאקאל וועט טאן זעהר פיל גוטע ארבייט פאר דער יוניאן.

## קאלטער פריהלינג — הייסער זומער

נאכ'ן אומגעוועהנליך קאלטען הייני־טיגען פריהלינג האבען מיר איצט גרוי־סע היצען, און אין אזא צייט פארבענקט זיך יעדערער נאך א וועקיישאן. יעדע אידישע מיידעל אין ניו יארק קען פאר־ברענגען א פאר וואכען, פאר בלויז אכט דאלאר א וואך, ביים ברעג ים, ארער אין די בערג. דאס איז דערפאר, ווייל די וועקיישאן סאסייעטי פאר אידישע מייד־לאך האט אויף צוויי הייזער — איינע אין בעלפארט, לאנג איילענד, וואו עס קאסט פינף דאלאר אהין און צוריק, און א הויז אין בינג אינגריען, אין די קעטס־קילס (רייזע קאסטען 10 דאל. אהין און צוריק). אין ביידע הייזער ווערען די מיידלעך אויפגענומען ווי גאר גרויסע געסט און אמוזירט מיט די פארשיידענ־סטע זומער פארגעניגענס. ווי צ. ב. הייקס, פיקניקס, באדען זיך, טענים, ביטש־פארטיס, טעאטער פארשטעלונגען און או. וו. די צימערען זיינען גערוים און ליכטיג, דאס עסען פון דאס בעסטע. די וואס ווילען פאהרען אין איינע פון די הייזער, זאלען זיך ווענדען אין עדיוקיי־שאנאל עליינס, 197 איסט בראדוויי, יעדען דינסטאג און דאנערשטאג, פון 6 ביז 7.30 אין אוונט.